פערלאג „בוכער-פאר-אלע" ווארשע.

א. י. קאמינסקי.

# יודישע אקטיארען אויף דער רייזע.

א קאמעדיע
אין 3 אקטען.




דרוק „האור". ווארשע, דלוגע 11.

1908.

א. י. קאמינסקי.

# יידישע אַקטערען אויף דער ריַיזע.

אַקאָמעדיע אין 3 אַקטען.

פערלאג „ביכער־פאר־אלע“, ווארשע, דלוגע 11.

דרוק „האור“, וואַרשע, דלוגע 11.

1908.

Юдише Актеренъ ауфъ деръ райзе.

Соч. А. Каминскаго.

Изданіе „Бихеръ-Фаръ-Алэ“, Долгая 11.

Типографія М. Кринскаго, Варшава, Долгая № 11.

1908.




# פערזאָנען:

| | |
|---|---|
| לייבוש | אַ בעל הבית פֿון אַנ'אַכסניה. |
| דינה | זײַן טאָכטער. |
| עפינגער<br>שולערמאַן | צוגערײַזטע פֿון רוסלאַנד אויפֿ'ן יריד, רעדען ליטוויש, מעהרסטענטײל אַנשטאָט אַ „שין" אַ „סמך"... |
| אביגדור | אַנ'אַפּישען־קלעבער. |
| פוהרמאַן. | |
| טוביה | אַ משרת אין דער אַכסניה, אַ מין קאַריקאַטור. |
| כּלי קלאַרקאָפּ | דינה'ס אַ חבר'תה. |
| בורגמייסטער. | |
| פאליציסט. | |
| בערטא<br>זאקס<br>מארגאריטא | אַרטיסטינס. |
| וויסבארד | דירעקטאָר. |
| ווייסשיין | רעזשיסער. |
| לויפמאן | אַרטיסטען־ליעבהאָבער. |
| זיסמאן | קאָמיקער. |
| שטיינסקי | [illegible]עזאָניער. |

פֿערוואַלטער, קינדער, יונגע לײַט און פֿערשידענע טעאַטער־געהער.

# ערשטער אקט.

די בינע שטעלט פאָר דאָס עס-צימער אין לייבוש׳ס אכסניה, א גרויסע שטוב: אויף דער ווייס-געקאלכטע וואנד מיט ברודיגע פלעקען הענגען אָהן אַן אָרדנונג עטליכע בילדער: משה מאָנטעפיאָרע, ווער רב, בילדער פון דער טערקישער מלחמה, א לשנה טובה, א יאָהרצייטס-בילד, רעכטס אין לינקס טהירען, אין הינטערגרונד א טהיר, רעכטס ביי דער וואנד אַן אײנגעפאלענע קאנאפע מיט אַן אויסגעבראָכענע פוס, לינקס אַן אײזערנע בעטעל, ביי דער וואנד אין הינטערגרונד שטעהט אַן אַלטע קאמאָדע, אין מיטען שטוב א פירעקענדיגער טיש מיט שטוהלען.

דינה (זיצט ביי׳ם פענסטער). א שענער זומער-טאָג!.., עס איז שוין 9 א זייגער און עס איז נאָך אזוי טריב אין דרויסען.

(אביגדור טרעט אויף).

אביגדור. דינה׳לע, קרוינעלע, הארצעלע! דו זעהסט עפּעס, פערשטעהסטו מיך, וואָס ס׳טהוט זיך? נא, זעה! (ער ווייזט די אפּישען). נא דיר נאָך (ער ווייזט איהר דעם טאָפּ מיט פּאפּ). אָט האָסטו, פערשטעהסטו מיך, א פענזעל און אָט האָסטו אַלע כלי קודש... ביי מיר, פערשטעהסטו מיך, געפינט זיך אַלץ...

דינה. זאָגט מיר, וואָס וועט דאָס זיין?

אביגדור. דו ווייסט נאָך גאָר נישט? דו האָסט נישט געזעהן, ווי מיר האָבען א גאנצע נאכט געארבייט?...

דינה. ווער?

אביגדור. איך און ער, פערשטעהסטו מיך, דער פראָווי-ליישטשיק פון די יידישע נאקטיאָרען, ער האָט, פערשטעהסטו מיך, געשריבען די אפּישקעס און איך האָב זיי, פערשטעהסטו מיך, א גאנצע נאכט געטריקענט ביי׳ם לאָמפּ...

דינה. זאָגט מיר, איך בעט אייך, דער פּראָווינציאַליסטשיק איז אַ מענש?

אַביגדור. וואָס דען איז ער, אַ באָק?

דינה. ניין, איך מיין, צי ער איז אויך אַ קונצענמאַכער?

אַביגדור. וואָס פאַר אַ קונצענמאַכער? ווער מאַכט דען קונצען? דאָס זענען דאָך, פערשטעהסטו מיך, יידישע נאַקטיאָרען...

דינה. מאַכען זיי נישט קיין שוואַרץ-קונצען?

אַביגדור. זאָל גאָט היטען! מיר האָט דער פּראָווינציאַליסטשיק געזאָגט, פערשטעהסטו מיך, אַז זיי זינגען און פערשטעלען זיך, אַז ס'איז, פערשטעהסטו מיך, אַ מחיה צו קוקען...

דינה. אַזוי? מאַכען זיי הייסט עס דעם פּורים-שפּיעל...

אַביגדור. אַזוי, פערשטעהסטו מיך, זעהט עס אויס...

דינה. אָבער זיי זענען נישט קיין קונצענמאַכער?

אַביגדור. וואָס פאַלט דיר איין? ביי מיר איז אַלץ אויפ'ן קאָפּ, פערשטעהסטו מיך, איך האָב מיך דערמאָנט, פערשטעהסטו מיך, אַז דוואָסיע די בעל-עגלה'טשיכע איז אַצינד יענע וואָך פון קינדבעט אויפגעשטאַנען, בין איך אַהין, פערשטעהסטו מיך, געגאַנגען און האָב געבראַכט פון דאָרט דעם ציצענעם פאָרהאַנג און מיר האָבען, פערשטעהסטו מיך, פערצויגען און געמאַכט אַ שטשענע... ווען מען זאָל דאָרט אויפהענגען שיר המעלות'ן, פערשטעהסטו מיך, וואָלט מען געקאָנט שווערען, אַז דאָרט ליגט אַ קינדבעטאָרין, פערשטעהסטו מיך...

דינה. וואו וועט דאָס זיין?

אַביגדור. אָט האָסטו אַ בלעטעל און לייען! (גיעבט איהר אַנ־אַפּיש).

דינה. „מיט ערלויבניש פון בורגמייסטער, עק שולגאַס און מקוה הויף, ביי ליביש שוסטאַק אין איינפאָהר-הויז" (צו אַביגדור). טאַקע ביי אונז אין סטאָדאָלע וועט עס זיין? און וואו וועלען די פויערן פערפאָהרען?

אַבִיגדור. מאָרגען איז דאָך שוין אוים יָריד, היינט מאַכען זיי דאָך נישט די שפּיעל, נאָר מאָרגען.

דינה. אַזוֹי?! (לעזט). „דינסטאָג דעם 25 אַפּריל 1895, יִדישע בעריהמטע שוישפּיעלער אונטער דער לייטונג פֿון דעם הערר׳ן ווייס־באָרד ווערט פֿאָרגעשטעלט „באָבע באָנציע״ אין 3 אַקטען און „שעפּ־סעל נאַר״ אין 1־אַקט. פֿרויען־פּערסאָנאַל: בערטאַ, זאַקס, מאַר־גאַריטאַ. מענער־פּערסאָנאַל: ווייסבאָרד, שטיינסקי, ליפּמאַן, ווייסשטיין, זיממאַן!״ — זאָגט נאָר, ס׳זענען עפּעס דאָ שענע נאַקטיאָרען?

אַבִיגדור. פּופּקעס, ליאַלקעס, פֿערשטעהסטו מיך!

דינה. זענען אַלע בעווייבטע?

אַבִיגדור. זאָל גאָט היטען, אַלע זענען נאָך בַּחוּרים, אָבער ווייבער האָבען זיי ווי די טאָקען...

דינה. וואָס, בַּחוּרים האָבען ווייבער?

אַבִיגדור. וואָס בין איך שולדיג, פֿערשטעהסטו מיך, אַז דו האָסט נישט קיין שום יְדִיעָה פֿון טעאַטער און פֿון נאַקטיאָ־רען? ווייסטו דען נישט, פֿערשטעהסטו מיך, אַז נאַקטיאָרען מוּ־זען האָבען ווייבער? ווען דו וואָלסט, פֿערשטעהסטו מיך, אַזוֹי פֿיעל אויסגעהאַנדעלט מיט די נאַקטיאָרען ווי איך, וואָלסטו, פֿער־שטעהסטו מיך, פֿערשפּאָרט מיך צו פֿרעגען.

דינה. וואָס האַנדעלט איהר דאָס אַזוֹי מיט זיי?

אַבִיגדור. פֿרעג, וואָס האַנדעל איך נישט? דאַרפֿען זיי אַוועשערין, פֿערשטעהסטו מיך, ברענג איך זיי אין שטוב אַריין, דאַרפֿען זיי אַ גילזענמאַכערין, פֿערשטעהסטו מיך, ברענג איך זיי אין שטוב אַריין, דאַרפֿען זיי פֿערשטעהסטו מיך, אַ...

דינה. נו נו גענוג!

אַבִיגדור. אָבער אַצינד פֿערשטעהסטו שוין, פֿערשטעהסטו מיך?... דו האָסט אַוודאַי געמיינט, אַז איך בין עפּעס אַ נאַכט־שלעפּער,

האָסט דו טאַקע אַ גרויסען טָעות געהאַט, פֿערשטעהסטו מיך, איך בין, ווי רופֿט מען דאָס? אַ טעאַטער־ליפֿראַנט.

(לייבוש טרעט אויף).

לייבוש. וואָס זאָגסטו, ביזט דו, אַביגדור?

אַביגדור. איך בין, פֿערשטעהט איהר מיך, אַ טעאַטער־ליפֿראַנט!

לייבוש. וואָס?

אַביגדור. יאָ, יאָ, פֿערשטעהט איהר מיך!

לייבוש. ע, פֿע, דו ווילסט מיין טאָכטער גאָר אינגאַנצען אָבנאַרען? פֿע! גלויב איהם נישט, דינה'לע, ער איז גאָר אַ שמייסער אין באָד... (צו אביגדור). אָ, דו גזלן! וויפֿיעל מאָל האָסטו מיך שוין געשמיסען אויף דעם לעצטען בענקעל, האַ? (קראַפּט איהם די פּלייצעס). נישקשה, דו קענסט גוט פּיטשקען...

אַביגדור. דאָס איז געוועזען אַמאָל, ר' לייבוש! אָבער אַצינד, פֿערשטעהט איהר מיך, האָב איך מיך פֿון באָד אינגאַנצען אָבגעזאָגט און בין איינגעטרעטען אין דער יידישער טרופּע, פֿערשטעהט איהר מיך.

לייבוש. וואָס הייסט דאָס אַזוינס?

אַביגדור. דאָס הייסט יידישע נאַקטיאָרען!

לייבוש. שמייסטו, הייסט עס, די יידישע נאַקטיאָרען?

אַביגדור. ווי קומט שמייסען? דאָרט שפּיעלט מען גאַנצע שטיקער!... וואָס, איהר ווילט נישט גלויבען! זעהט איהר דען נישט, פֿערשטעהט איהר מיך, אַז דאָס גאַנצע טעאַטער מיט די נאַקטיאָרען זענען ביי מיר אין די הענד?...

לייבוש. וואָס הייסט ביי דיר?

אַביגדור. קוקט, וועט איהר פֿערשטעהן, פֿערשטעהט איהר מיך (ער ווייזט איהם די אַפֿישען).

לייבוש. וואָס פֿאַר אַ פּאַפּירען ווייזט דו מיר?

אַבִיגדור. דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע טעאַטער־שפּיעל...

(טוביה טרעט אויף).

טוביה. זיי פֿאָהרען, זיי פֿאָהרען! מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען!

לייבוש. ווער, די קונצענמאַכער?

טוביה. יאָ, יאָ!

אַביגדור. שוין? (נעהמט אַלץ צוזאַמען, לויפֿט אַרויס).

לייבוש. דינה׳לע, געה דאָרט אַהין אַריין! (ווייזט איהר אין זייטענצימער). דינה׳לע געה! (לייבוש אָב רעכטס, דינה — לינקס).

טוביה (אָב אין דער מיט, מען הערט זיין שטימע אונטער דער טהיר). פֿאַר אייך איז יענס צימער דאָרט, דאָרט אין ווינקעל, און איהר קאָנט אַלע דאָ אַריינגעהען.

עס טרעטען אויף:

ווייסבאַרד, שטיינסקי, ווייסשיין, זיסמאַן, בערטאָ, מארגאריטא, זאַקס מיט אַברוסט־קינד און 2 קינדער ביי דער האַנד, פֿרוי זאַקס לעגט אַוועק אויף דעם בעטעל דאָס קליינע קינד. ווייסבארד, שטיינסקי ווארפֿען פֿון זיך אַראָב זייערע לייכטע פּעלערינעס. ווייסשיין שטעלט זיין שטעקעל אין ווינקעל ביי דער טהיר און בלייבט אין אַן׳אַלטע שוואַרצע מאַרינאַרקע, אין וועלכער ער איז אַריינגעקומען. זיסמאַן בלייבט אין אַן׳אַלטען שוואַרצען ראָק. אַלע זענען בעשטויבט. ווייסבאַרד נעהמט אַראָב פֿון בערטאַ אַן׳אַלטמאָדישע רעטאָנדע. זיסמאַן העלפֿט מאַרגאַריטאַ די קאָפּטע אויסטהון. זאַקס דעקט צו דאָס קינד מיט דעם טוך, וועלכעס זי האָט פֿון זיך אַראָבגענומען. שטיינסקי פּאַרעט זיך ביי׳ם קינד אויפֿ׳ן בעט.

זיסמאַן (זעצט זיך אויפֿ׳ן בעטעל). דאָס איז שוין איינמאָל געוועזען אַ רייזע!...

ווייסבאָרד (זעצט זיך אויף דער לאַנגער באַנק מיט דער פּלייצע צו׳ם טיש, בייגט זיך אויף הינטען). אָ, איך פֿיהל אין מיר נישט קיין גאַנץ גליעד...

שטײנסקי (װעצט זיך נעבען איהם). איך בין אַזױ אַנדרימעלט געװאָרען אױף דעם װאָגען, און דער אַלטער איז מיר אַזױ אױף די פּיס געלעגען, האָט מיך פּלוצלונג אָנגעחאַפּט דער קורטש אין פּוס, אַז איך האָב געמײנט, איך שטאַרב ...

זיסמאַן. דאָס איז אַ גוטער טעם... און איך בין ניט געשלאָפען אַ גאַנצע נאַכט, דער פּוהרמאַן איז עפּעס אַזױ משוגע געפאָהרען, אַז איך האָב געמײנט, איך פּלאַץ פון אונגעדולד... איך האָב איהם אַלץ געװאָלט אײַנרעדען מיט געװאַלד, אַז ער זאָל שלאָפען, װײַל איך האָב זעהר חשק געקריגען די לײַצעס אין מײַנע הענד אַרײַן צו נעהמען... איך האָב איהם פּערצעהלט פערשידענע מעשיות, ס'האָט מיר אַלץ געהאָלפען װי אַ טױטען בײַנקעס... און װי איך האָב איהם נאָר דערצעהלט דעם אינהאַלט פון שמענדריקען, װי ער פּאַרט אַראָב פון דער הױדאַזוקע און װי ער זינגט, „אױף'ן הױכען בארג" א. ז. װ., איז ער מיט מיר געװאָרען דער גרעסטער גוטער ברודער! כ'האָב איהם טראַקטירט מיט אַ פּאַפּיראָס און בײַ דער געלעגענהײַט איז מיר געלונגען די לײַצעס פון זײַנע הענד איבערצונעהמען... איך האָב איהם נאָך געזונגען פּערשידענע שטיקלעך און דעם רבינ'ס מופתים, און אַזױ צוהערענדיג האָט ער אױסגערױכערט דעם פּאַפּיראָס און איז אַנטשלאָפען געװאָרען. װי איך האָב געזעהן, אַז ער שלאָפט שױן פעסט — האָב איך דאָס אַ טרײַב געגעבען די שקאַפּעס, אַז אײדער איך האָב מיך אומגעקוקט, איז מיר דער װעג פּערבײַגעפלױגען. פון דעסטװעגען, אױף נאָך אַ מאָל בין איך מוחל אַזאַ רײַזע...

זאַקס. װאָס זאָל איך שױן זאָגען, אַז איך מוז מיך שלעפּען מיט די קינדער!... װאו איז ערגעץ דער בעל הבית, אָדער אַ בעל הבית'טע פון דאַנען? (דינה בעװײַזט זיך אין דער טהיר). פרײַלײַן, זײַט אַזױ גוט! (דינה קומט נעהנטער). אפשר קען מען בײַ אײַך קריגען אַ ביסעלע מילך מיט אַ צװײ זעמעלעך פאַר די קינדער?

דינה. ביי אונז איז נישטאָ, אויב איהר ווילט, קען איך אייך אריינברענגען.

זאַקס. אויב איהר ווילט אַזוי גוט זיין, ברענגט זייט מוחל אַ קוואָרט מילך מיט עטליכע זעמעלעך...

(לויפמאַן טרעט אויף).

לויפמאַן. גוואַלד, ווי ווערט מען שוין פּטור פון די קליינע שטעטדלעך, אַריינגעלאָזט אין אַ צימער פונקט ווי אין אַ הינער־שטייג און מען ווערט שיעור דערשטיקט פון רויך... וואָס איז דאָס אַזוינס? נישטאָ גאָר קיין לייטישער האָטעל אין דעם גאַנצען שטעדטיל? וואו איז ערגעץ אונזער אופּראַוולייַשטשע! מען שיקט אַ מענש פאָר־אויס אין אַ שטאָדט אַריין, זאָל ער נישט אָנגרייטען דירות פריהער, אַז מען זאָל קענען די קעפּ אַנידערלעגען נאָך אַזעלכע רייזעס... וואו איז ער ערגעץ אין אַלדיגע שוואַרץ יאָהר!

דינה. אייער אופּראַוולייַשטשע האָט מען גערופען צו'ם בורגמייסטער!

אַלע (דערשראָקען). נאָך וואָס עפּעס צו'ם בורגמייסטער?

דינה. איך וויים נישט!

אַקינד. מאַמע, ס'ווילט זיך עסען!

זאַקס. וואָס איז, טעכטעריל?

אַקינד. איך וויל עסען!

2־טעס קינד. איך וויל טהע!

זאַקס. באַלד וועט מען ברענגען זעמעלעך מיט מילך... איהר ווילט זעמעלעך מיט מילך?

1 קינד. יאָ, מאַמעשי, איך וויל.

2־טעס קינד. איך וויל אויך!

זאַקס (צו דינה). פרייליין, איהר האָט דאָך געוואָלט שאַפען.

דינה. איך וואַרט דאָך!

זאַקס. אויף וועמען?

דינה. אויף געלד!

זאַקס (אין פערלעגענהייט צו שטײנסקי). דו האָסט ניט קײן קלײנגעלד?

שטײנסקי. איך? נישט אַ קאָפּיקע... געהט זײט מוחל, פּריי־לײן, ברענגט דערווײל, מיר ווילען נאָר אַראָבנעהמען אונזערע זאַכען פון וואָגען, וועלען מיר דאָס געלד פון קאַסטען אַרויסנעהמען און אײך די פּאָר קאָפּיקעס צוריק ברענגען. (צו זאַקס כלומר'שט ערנסט). אַ חשק פון אַ יודענע דאָס געלד אין קאַסטען צו פערשליסען, ווי לאָזט זיך דאָס אַ מענש אָהן אַ קאָפּיקע?...

זאַקס (אויך כלומר'שט ערנסט). וואָס דאַרף איך אויף אַ רײזע אַזוי פיעל געלד ביי מיר צו האַלטען?...

שטײנסקי (אַלץ ווי ערנסט). אָבער עטליכע קאָפּיקעס האָסטו דאָך געקענט איבערלאָזען; נאָך אַ מאָל, אַז דו וועסט מיר אַזוינס טהון, וועל איך דיר דעם גרעסטען סקאַנדאַל מאַכען.

דינה. איהר דאַרפט אײך נישט אָבעסען דאָס האַרץ, מאַדאַם, איך וועל אייך באַלד ברענגען (אָב).

לויפמאַן. עפּעס נישקשה פון אַ מעדעל... די קלײנע געפעלט מיר...

שטײנסקי. איהם ליעגט שוין אין זינען די קלײנע... זאָגט בעסער וואָס טהוט מען, וואו נעמט מען עפּעס אַ מענשעלע, ער זאָל אונז דעם נאַלאָזש אויסקויפען?

זאַקס. דער פוהרמאַן וויל ניט אַראָבגעבען פון וואָגען וואָס אַ האָר איז ווערט.

שטײנסקי. דאָס קלײנע קײשעלע האָסטו אַראָבגענומען?

זאַקס. ער לאָזט נישט! איך האָב חאָטש געוואָלט אַרויס־נעהמען פאַר די קינדער דאָס שטיקעל ברויט מיט קעז, וואָס איז דאָרט געבליעבען און דעם טשײַניק אויף טהע, האָט ער פאַר קײן פאַל נישט געלאָזט נעהמען.

לויפמאַן. דאָס הײסט אַ גראָבער יונגאַטש...

וויַסבּאָרד (צו לויפּמאַן). קום ווע‌לען מיר זיך לאָזען אין שטעדטיל אַריין, אֶפְשַׁר וועלען מיר פּאַקען עפּעס אַ יאָלד ער זאָל אונז דעם נאַלאָזש אויסקויפּען.

זיסמאַן. שאַפּט באַלד עפּעס מעהר, איך מוז האָבען מיינע 15 רובל, וואָס איך האָב אויסגעלעגט.

וויַסבּאָרד (בעלייַדיגט). ער רייַסט שוין אָב די פּאָלעס — איך האָב אָבער געזאָגט, אַז מען זאָל מאַכען דעם נאַלאָזש אויף נאָך 15 רובל און מיט דעם סקנער נישט האָבען צו טהון...

זיסמאַן. איז אייַך דען נישט אַלץ איינס, אַזוי דאַרפט איהר שאַפּען 38 רובל און אַזוי וואָלט איהר אויך דאָס אייגענע בעדאַרפט שאַפּען.

וויַסבּאָרד. טאַקי דאָס אייגענע, אָבער 23 רובל קען מען געשווינדער שאַפּען.

זיסמאַן. הייַסט עס דאַרף איך וואַרטען מיט מיין געלד...

וויַסבּאָרד. וועלען מיר קענען שאַפּען די גאַנצע 38 איז גוט, אָלָא נישט וועל איך דיינע 15 רובל אָבגעבען, נאָך די ערשטע פאָרשטעלונג. קום, לויפּמאַן!

לויפּמאַן. זאָרג נישט זיסמאַן, מיר וועלען שוין געפינען אַ מענשעלע (ווילען גיין).

אופּראַוולייַשטשע, אביגדור טרעטען אויף.

אופּראַוול. איך האָב שוין געהאַט אַ שעהנע אַרבייט בייַ'ם בירגמייסטער אַלץ דורך דעם נאַרישען ייד (ווייזט אויף אביגדור'ן).

אביגדור. וואָס בין איך שולדיג? דער פּריץ האָט מיך, פאַרשטעהט איהר מיך, געפרעגט, וואָס פאַר אַ פּישקעס איך קלעב, האָב איך איהם געזאָגט, אַז עס וועט זיין, פאַרשטעהט איהר מיך, אַ יידיש טריאַטער און מען וועט שפּילען אַ גאַנצע שפּיעל...

אופּראַוו. נו יאָ, נו, האָט ער מיר אָנגעמאַכט אַ שפּיעל, אַז איך האָב מיך קוים אויסגעדרעהט... דער פּריץ האָט אָנגעהויבען

צו מישען די בילער, אַזוי ווי נַיְזָתְא פֿאַר אַחַשְׁוֵרוֹש׳ן, און האָט מיר געוויזען אַ צירקוליאַר פֿון שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית, אַז יידיש טעאַטער איז פֿערבאָטען... אויב אַזוי — טראַכט איך מיר — ליגען מיר גוט אין פֿעסעל! אַהער געקומען אין שטעדטיל, פֿערזעצט פֿון קאָפּ ביז פֿיס און קיינער האָט נישט אַ גראָשען ביי דער נשמה... און אַצונד זאָלען מיר דאַרפֿען ווייטער פֿאָהרען, קאָנען מיר שען אויסזעהן... — איז מיר באלד איינגעפֿאַלען אַ גיקליבער געדאַנק; איך האָב איהם געזאָגט: „פּאַניע בירגמייסטער, וואָס געהען זיך אָן די צירקוליאַרען מיט מיר? מיר שפּילען דאָך גאָר פּאָפּורינען פֿון פֿערשידענע שטיקער, אין דאָס אויף דייטש! „אַזוי? — זאָגט ער — נישט מעהר?... קאָנסטו דיר שפּילען וויפֿיעל דו ווילסט, נאָר זאָלסט מיך נישט פֿערגעסען״... נו, האָב איך איהם געזאָגט, אַז דער דירעקטאָר וועט קומען, וועט ער זיך מיט איהם אַליין זעהן...

וויַיסבאָרד. וואָס מיינט איהר, מען מוז איהם טאַקי אַריינרוקען אַ צעהנעריל.

אַבינגדור. געהט שוין, אַ דרייערל, איז פֿאַר איהם, פֿערשטעהט איהר מיך, אויך אַ מַטְבֵּעַ. מיר האָבען דאָ געפּראַוועט „מְכִירַת־יוֹסֵף־שפּיעל״, האָבען מיר איהם אַריינגעשטעקט, פֿערשטעהט איהר מיך, אַ דרייער׳ל, איז ער אֲפִילוּ נישט געקומען קוקען אויף די שפּיעל...

רויפֿמאַן (מיט הויזק). הערסטו, מען האָט שוין דאָ געפּראַוועט „יוֹסֵף־שפּיעל״, איז עס דאָך טאַקי אַ טעאַטער־שטאָדט...

וויַיסשטיין. זיי האָבען עפּעס געמאַכט אַ סך געלד די מְכִירַת־יוֹסֵף׳ניקעס?

אַבינגדור. ס׳איז נישט געוועןן אַ שפּילקע צו דער ערד צו וואַרפֿען!

זיסמאַן. אויב אַזוי, גרייט אָן קעשענעס, איהר הערט?

אַבינגדור. אויב איהר ווילט, וועל איך אייך ברענגען עטליכע פֿון יענע חֶבְרָה, וועלען זיי אייך, פֿערשטעהט איהר מיך,

מיטהעלפען מאכען די שפיעל. ס'זענען דארט דא עטליכע „פלאם פייער"! איינער האט זיך אנגעטהון א רויטע יארמאלקע מיט א גראבע נאז, פערשטעהט איהר מיך, אזוי ווי ער האט נאר געוויזען זיין נאז אויף דער שטשענע, פערשטעהט איהר מיך, אזוי האט דער גאנצער עולם געפלאצט פאר געלעכטער; ביז 4 פארטאג האט די שפיעל געדויערט. (צרטיסטען לאכען).

זיסמאן. הערסט א שפיעל, ביז 4 פארטאג...

אביגדור. אבער זיי האבען געמיצלט א קאסע געלד!

פערוואלטער. לויפט זשע געשווינד און קלעבט אוים אומעדום און זאגט, אז ביי אונז מאכט מען נאך א בעסערע שפיעל...

אביגדור. איך לויף שוין, פערשטעהט איהר מיך, ס'קלינגט שוין אזוי אויך דאס גאנצע שטעדטעל מיט אייך... איך בין, פער־שטעהט איהר מיך, א גוטער בעל דבר. דאגה'ט נישט (אב).

ווייסבארד. (צו'ם פערוואלטער). געה מיט און גיב אכטונג, אז עס זאל זיין גוט אויסגעקלעבט.

פערוואלטער. וואס דען, מיינט איהר, איך קאן מיך אויף איהם פערלאזען? אז איך זאל איהם לאזען אליין, טרעפט ער אויפצוקלעבען מיט דעם קאפ אראב און מיט די פיס ארויף...

ווייסשיין (צו'ם פערוואלטער). זוך איינוועגס אוים עפעס א יאלד, דעם נאלאזש אויסצוקויפען.

פערוואלטער. מ'ועט שוין זוכען, ס'וועט שוין זיין ריכט. (אב).

(עס קומט אריין דער פוהרמאן).

פוהרמאן. הערט נאר איהר אקטיארשטשיקעס, איהר וועט געבען געלד, 23 רובל, אדער ניין? באלד זאל זיין געלד, אז ניט, פיהר איך אוועק אלע אייערע רוכאמאשטשעס צו מיר אויף דעם בוידעם...

ווייסבארד (צו'ם פוהרמאן). אויב איהר קענט האבען א ביסעל געדולד און אויסווארטען דא מיט דער פוהר, ביז מיר וועלען צוריק־קומען פון דער גאס, איז גוט; אלא ניט, פיהרט א הין אלע אונזערע

זאַכֶען צו איַיך אויף דעם הויף, שפּאַנט אויס די פּערד און רירט גאָרנישט פון וואָגען, מיר וועלען אייך מִן הַסְתָּם שפּעטער ברענגען דאָס געלד, ווערט איהר אונז אָבּפיהרען די זאַכען אַהער.

פוהרמאַן. וואָס בין איך עפּעס אייער סאָלדאַט, וואָס איהר ווילט מיר קאָמאַנדעווען אַ הין און אַהער?...

וויַיסבאָרד. וואָס זשע זאָל מען אייך טהון?

ווייסשטיין. ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען? הערט, איהר ייד, איך האָב אַנ׳עֵצָה, איהר גיט אונז אַראָב די זאַכען פונ׳ם וואָגען...

פוהרמאַן. וואָס?

ווייסשטיין. חאַפּט נאָר נישט, וואַרט אויס אַ ביסעל, איהר ווייסט דאָך נישט וואָס איך וויל זאָגען.

זיסמאַן, לאָזט איהם נאָר אויסרעדען, איהר האָט פאַר איהם איסגעזאָרגט, ער ווערט שוין געבען אַ גוטע עֵצָה.

פוהרמאַן. נו, לאָמיך הערען!

ווייסשטיין. איהר זאָלט אונז די זאַכען אַראָבגעבען.

פוהרמאַן. און געלד?

ווייסשטיין, וועלען מיר אייך אַרויסגעבען אַ קוויטעל צו דער קאַסע, אַז פון ערשטען געלד, וואָס עס ווערט געפאַלען, זאָלט איהר אייך צונעהמען איַיערע 23 קערבלעך.

פוהרמאַן. אַזעלכע מַעֲשׂיות קענט איהר דערצעהלען אייער באָבען... אַ קוויטעל ווערט ער מיר געבען!... וואָס איז, איהר האָט אַ קאָנזאַטשיסטווא? (אַלע לאַכען).

(דינה קעהרט צוריק).

דינה. אָט האָט איהר, מאַדאַם, פרישע מילך מיט זעמעלעך!

ווייסשטיין. ווילט איהר נישט קיין קוויטעל?

פוהרמאַן. וואָס מיר קוויטעל? ווער מיר קוויטעל? און וואָס פאַר אַ קוויטעל?

זיסמאַן. אַ פּאַפּיערענעם! וואָס מיינט איהר, אַז איהר רעדט

מִיט פּראָסטעֶ מענשעֶן? (ווײַזט אויף ווײַסשײַן). דער מעֶנש, ווי איהר קוקט איהם אָן, איז אונזער רעֶזשיסעֶר.

פֿוהרמאַן. וואָס איז ער, אײַער שערעֶר? אַוואַשנעֶר לײַט...
אַשערעֶר, אַראַזירעֶר איז בײַ אונז אַלץ אײנס, איך טרױ נישט אַ קאָפּיקעֶ... געֶלד איז בײַ מיר דער בעֶסטער בָּטוּחַ, איהר וועֶט מיט מיר גאָר נישט מאַכעֶן. (אָב).

דינה. איהר וועֶט מיט איהם אָהן געֶלד גאָר נישט מאַכעֶן, ער איז אַ געֶלד=פּרעֶסער... (צו די דאַמען). אויב איהר ווילט, האָט מײַן מאַמעֶ געזאָגט, קעֶנט איהר מיט די קינדעֶר אַהין געֶהן, צו אונז אין אַלקעֶר; דאָרט איז בײַ אונז דאָ אַנ׳אַלטעֶ ײדעֶנעֶ, וועֶט זי אײַך האַלטעֶן די קינדער און אָנקאָרמעֶן זײ, און איהר וועֶט זיך דערווײַל קעֶנעֶן אױסרוהעֶן, ביז עֶס וועֶט אין יעֶנעֶם צימעֶר אױפֿהערעֶן צו רויכערעֶן... דערנאָך וועֶט איהר אײַך שױן אײַנשטעֶלעֶן, וואו איהר ווילט...

זאַקס (צו די פֿרויעֶן). איהר געֶהט מיט? בעֶרטאַ, געֶהסט?

בעֶרטאַ. וואו וועֶל איך דאָרט קריכעֶן? (צו דינה). אֶפֿשר קאָנט איהר מיר בעֶסער דאָ אַהער ברעֶנגעֶן אַ שיסעֶל וואַסער מיט זײַף?...

דינה. קומט אַרײַן, דאָרט וועֶל איך אײַך אַלץ געֶבעֶן.

זאַקס. קומט, קינדער׳עֶך!

דינה. לאָזט, מאַדאַם, איך וועֶל שױן אַלץ אַרײַנטראָגעֶן, (זאַקס נעֶהמט דאָס קינד פֿון בעֶט, דינה נעֶהמט די מיך די קינדער האַלטעֶן די זעֶמעֶל וועֶלכעֶ זײ האָבעֶן נאָר וואָס אָנגעֶהויבעֶן עֶסעֶן).

זאַקס. קום, בעֶרטאַ! נו, און דו, מאַרגאַריטאַ, בלײַבסט דאָ?

מאַרגאַריטאַ. איך בין זעֶהר מיעד, איך קאָן מיך נישט ריהרעֶן.

בעֶרטאַ. וואַרט, איך וועֶל מיטנעֶהמעֶן מײַן קאָשעֶליאָק

(נעהמט מיט ארײַנצ-טעשעל). שוין, קומט! (דינה, זאקס, בערטא, קינדער אַב אין דער לינקער טהיר).

לויפּמאַן (צו זיסמאַן). ווי געפעלט דיר דאָס מיידעל? אַנ-אַנטיקעל, האַ?

זיסמאַן. ביזט שוין ענטציקט, אויף דעם ניכטערן מאָגען!

שטיינסקי, אַז ער איז נאָך אין שלאָף שוין ענטציקט געוועזען. — דו ווייסט דען נישט, וואָס איינער גערן האַט, חלומט זיך איהם אין בעט (אַלע, אַבגען).

לויפּמאַן. געלעכטער אין אַזייט, איהר וועט זעהן, אַז דאָס מעדעל וועט נאָך זיין אַ „פּרימאַדאָנאַ" ביי אונז אין דער טרופּע...
(אַלע לאַכען).

זיסמאַן. האָבט זי שוין געפּרובט, צו זי קאָן זינגען?

לויפּמאַן. דערקענט מען דען נישט אָן דעם אַבקלאַנג פון דער שפּראַך, אַז זי האָט אַ שטימע...

זיסמאַן. יאָ, יאָ, אַבלינדע.

וויזסבאָרד וואָס טויג אייך דאָרט אַצינד די נאַרישקייטען, אַשטומע פּרימאַדאָנע, אַבלינדע פּרימאַדאָנע: לאָמיר בעסער עפּעס זינגען אַלע צוזאַמען, וועט זיך אפשר בעווייזען עפּעס אַיאָלד, ביי וועלכען מיר וועלען קענען פּאַקען געלד דעם נאַלאָזש אויסצוקויפען.

לויפּמאַן. געלד פּאַקען וואָלט איך שוין צופרידען געוועזען, נאָר זינגען אויפ'ן ניכטערנעם מאָגען בין איך נישט אַזוי צופריעדען...

זיסמאַן. נישט-קשה, אויפ'ן ניכטערנעם מאָגען איז אַסך לייכטער צו זינגען...

ווייסשטיין. מילא וואָס, צו דען איינמאָל איז אונז אויסגע-קומען צוזינגען מיט ליידיגע מאָגענס?...

לויפּמאַן. איך וועל נישט זינגען.

זיסמאַן. אָבער העלפען וועסטו? איך וועל זינגען צימבלען, און איהר וועט מיטהעלפען, גוט! דאַכט זיך, אַז דאָס איז נישט אַזוי שווער.

אייניגע. גוט, גוט, זינג! (עס ווערט געוואונגען „צימבלען" מען קלאַפּט) *).

שטימע (הינטער דער טהיר). קאָן מען אַריין?

מאַרגאַריטאַ. באַלד, באַלד! (בעמיהט זיך די האָר אין אָרדנונג צו ברענגען).

שטיינסקי. ווער קאָן דאָס זיין?

לויפמאַן. (לאַכענד). אָפּשר אַ דעפּוטאַציע וועגען אַ „יוסף־שפּיעל"? ...

זיסמאַן. קוים אַ דעפּוטאַציע, וועלען זיי קעמפּפען פאַר שמענדריקען ביז אין בלוט... (מען ק׳אַפּט).

מאַרגאַריטאַ. לאָז ווער אַרויסגעהן זעהן, ווער עס איז, מען קען דאָך נישט לאָזען מענשען שטעהן הינטער דער טהיר.

זיסמאַן. איך געה! (אָב).

מאַרגאַריטאַ. (קאָמט זיך). איך האָב אַפילו נישט אַ ביסעל פּודער, אַלץ איז געבליבען אויף דעם וואָגען...

זיסמאַן (קומט אַריין פרעהליך). צוויי פעטע יאָלדען!

מאַרגאַריטאַ. גוואַלד, וואָס טהוט מען, וואו נעהמט מען אַ ביסעל פּודער? ...

שטיינסקי. ווערסט יוצא זיין אָהן פּודער... מען וועט דיך שוין פערענטפערן.

זיסמאַן. קנייפ דיר אָן אַ ביסעל די באַקען, איך וועל דיר ווייזען ווי אַזוי. (קנייפט איהר). אָט אַזוי, אָט אַזוי!

שטיינסקי. משוגענער! (אַלע מאַכען זיך אין אָרדנונג).

---

*) די קופּלעטען „צימבלען" געפינען זיך ביים ענדע בוך.

# צווייטער אקט.

די פּאָרינגע.

(עסיננגער און שולערמאַן זיטצען אויף אַ לאַנגע באַנק).

וויַיסבאָרד. אַז איהר וואוינט אויך דאָ אין דער אַכסַנְיָה, ווי זשע קומט עס, וואָס איהר זענט אָנגעטהון ווי אין וויעג אַריין?

עסיננגער. ווייס איך, מיר האָבען זיך נאָר וואָס געוואָלט אויפ'ן סטעדטעל אַלאָז טהון...

שולערמאַן. וואָס איז די נַפְקָא מִינָה, זאָגט מיר בעסער, איז ניט דאָ ביי אייך מעהר קיין זענסצינגעס?...

שטיינסקי. דער שלאַג זאָל זיי טרעפען, די יאָלדען, באַלד וואַרפען זיי אויגען אויף די דאַמען.

זיסמאַן. איהר האָט שוין קיין צייט נישט? וואַרט אויס, איהר וועט שוין זעהען פּאַרטינגערהייט.

עסיננגער. אוי איז דאָס אַ קונדאַס – ער זאָגט אַלע מאָל אָב זיינע גלייכווערטלאַך... העע! העע!

ליפּמאַן. ער איז דאָך אונזער קאָמיקער...

זיסמאַן. און ער איז אונזער ליעבהאַבער – איך האָב אייך די עהרע פאָרצושטעלען, ער שפּיעלט העלדען־ראָלען אויך, נאָר מיט מיר לעבט ער נישט בְּשָׁלוֹם, ווייסט איהר פאַר וואָס?

שולערמאַן. פאַר וואָס?

זיסמאַן. ווייל אַז ער שפּיעלט אויף דער סצענע, וויינט דער עוֹלָם, און אַז איך שפּיעל לאַכט זיך, און עס איז פֿערקערט.

עסיננגער. אוי איז דאָס אַ קונדאַס!...

שולערמאַן. ער איז אַ גוט ברודערל, „יעי באָהו"! איך האָב איהם האָלד...

עסיננגער (צו די איבריגע, צייגענד אויף זיסמאַנען). ווען ניט

ער, איז אײַער טעאַטער אַ גאָרניסט מיט אַ גאָרניסט ...

זיסמאַן (צו אַלע אַרטיסטען טריומפירענד). וואָס הערט זיך עפּעס, האַ?

שולערמאַן (צו עסינגער. נאָך דעם ווי ער האָט בעמערקט, אַז די איבריגע זענען בעלײַדיגט). זאָג דאָס ניט, עסינגער, ער אַלײן מאַכט נאָך ניט פּעט דעם יויך. (קוקט אויף מאַרגאַריטאַ). אָט אַז זי קומט אויף דער סצענע, ווערט ליכטיג אין אַלעמענס אויגען ...

לויפמאַן. פון וואַנען ווײסט איהר דאָס? איהר האָט זי שוין געזעהען שפּיעלען?

שולערמאַן. אַדאָס איז אַ „וואָפּראָס"... וואָס איך האָב סוים אויף מײַן לעבען געזעהען, און וואָס מיך קאָסטען אָפּ'עט אָ די פּאַרשידענע אַקטעריסעס, וואָלט איך דאַכט זיך אײַך אַלעמען גע־קענט אָבקויפען, אַזוי ווי איהר סטעהט און געהט ...

שטײנסקי. טאָ וואָס זשע שטעהט איהר „גאָספּאָדאַ", שהוט אײַך אויס די איבערמאַנטלען און זעצט אײַך צו'ם טיש ווי עס דאַרף צו זײַן... (עסינגער און שולערמאַן קוקען זיך שמייכלענדיג אָן, וואַרפען פון זיך אַראָב די איבערמאַנטלען).

עסינגער (נעהמט אַרויס אַ זילבערנעם פּאָרטמאַבאַק מיט פּאַפּיראָסען). „פּראָשו, באַריסניאַ"!

מאַרגאַריטאַ. איך דאַנק. איך רויכער ניט.

שולערמאַן. „ניע קוראַסטיע?"...

עסינגער. און איהר, „גאָספּאָדאַ"? (אַרטיסטען לעדיגען אויגענבליקליך אויס דעם פּאָרטמאַבאַק). צו'ם ערסטען מאָל הער איך, אַז אײַן אַקטריסע זאָל ניט רויכערען...

מאַרגאַריטאַ. איך בין אַ יידישע אַקטריסע...

עסינגער. איז וואָס אַז אַ יידיסע?

מאַרגאַריטאַ. איז גאָרנישט, רויכער איך נישט.

עסינגער (אין דער וועלט אַרײַן). הערט אַ מעשה?...

שולערמאַן. איהר טרינקט אַוודאי אויך ניט, אַ?

מאַרגאַריטאַ. ווי קען אַמענש לעבען און נישט טרינקען?

שולערמאַן. הייסט דאָס טרינקט איהר יע — נאָמיך אָקאָרסט הערען וואָס איהר טרינקט?

מאַרגאַריטאַ. וואַסער, טהע, מילך, — קאַווע —

זיסמאַן. זאָדע־וואַסער אויך...

עסינגער. און סנאַפּס גאָר ניט? און ביער מיט סאַמ־פּאַנסקע אויך ניט?

מאַרגאַריטאַ. אַ גלעזעל שנאַפּס אָדער ביער טרינק איך אַמאָל צו׳ם מיטאָג...

עסינגער. און אַצינד אַוואו האַלט איהר, גאָספּאָדאַ, פאַר׳ן עסען אָדער נאָכ׳ן עסען.

ווייסבאָרד. מיר האַלטען אַזוי און אַזוי.

שולערמאַן. וואָס הייסט דאָס אַזוי און אַזוי?

זיסמאַן. פאַר׳ן עסען האַלטען מיר שוין, און נאָכ׳ן עסען האַלטען מיר שוין פון נעכטען נאָכמיטאָג אָן.

ווייסבאָרד. וואָס איז דאָ צו רעדען, באַלד וועט מען אַריינטראָגען אַגוטען איבערבייס. (צו די אַקטערען). האָט ווער גע־זאָגט דער בעל הבית׳טע פון אַכסניה?

קויפמאַן, ווער האָט צייט געהאַט צו זאָגען...

עסינגער. ווייס איך וואָס, איהר קענט אין דער אַכסניה בעקומען — אַפּאָר סטיקלעך האַרטען קעז... אַנו־קאַ, פּעטער, טראָגט נאָר אַריין מיין טשעמאָדאַן מיט אַלע מאַכלים טובים, וועלען מיר מאַכען אַסעודה כיד המלך...

שולערמאַן. אָן גיעב איך אַ ספּרונג אויף איין פוס (שו־לערמאַן אָב).

זיסמאַן. אויף צוויי וועט עס געשווינדער זיין...

ווייסבאָרד. נאָך וואָס דאַרפט איהר אייך מאַכען אומ־שטענדען, מיר האָבען דאָך באַשטעלט עסען...

זיסמאַן (אויסער זיך). וואָס טהוט ער! וואָס רעדט ער...

**ווייסשיין** (צו זיסמאַן). האָסט אויסגעזאָרגט פאַר אונזער דירעקטאָר, ער ווייס, וואָס ער האָט צו טהון.

**שטיינסקי** (בעמיהט זיך אַז עסינגער זאָל הערען). מיר האָבען טאַקי באַשטעלט, וואָס העלפט אָבער, אַז די קיך איז קאַליע, ס'רויכערט אַ שרעק.

**זיסמאַן**. אָט דאָס האָט מען, אַז מען פאָהרט אין די קליינע שטעדטלעך. אַז מען קומט אין אַ גרויסע שטאָדט, איז גאָר אַנ'אַנדער פערגניגען. אַלץ ווערט באַלד בעשאַפען — אַ גוטער שנאַפּס, פערשיעדענע צובייסען, געזאַלצענס און כּל המינים...

**עסינגער**. אָט איז אַ קונדאַס!... ער ווייס וואָס גוט איז — מאַלאַדיעץ! יעי באָהו, איך האָב איהם האָלד... ביי מיר, פערשטעהט איהר מיך, איז אַלץ פאַרהאַן אין מיין טסעמאָדאַן, סנאַפּס, וויין, קאָניאַק, אפילו האַרקאָווער קאַלבאַסע אויך...

**ווייסשיין**. דאָס אַלץ פיהרט איהר מיט אין אייער טשעמאַדאַן?

**שטיינסקי**. איהר מוזט האָבען אַ וואַזשנעם טשעמאָדאַן...

**זיסמאַן** (פּאַטשט איהם איבער דעם בויך). נישט־קשה פון אַ טשעמאָדאַן...

**עסינגער** אָט איז אַ קונדאַס!...

**שולערמאַן** (קומט צוריק). אָט האָב איך אייך אַריינגעטאַס־קעט דעם טסעמאָדאַן מיט אַלע מקבּלים טובים. איך האָב גערעדט און גערעדט, אַהין און אַהער, און האָב בּאין אופן ניט געקענט אויפּסליסען...

**עסינגער**. איי קאַליעקע... (ער שליעסט אויף) אָט איז גע־זאַלצענעס (ער ,לעגט אַלץ אויפ'ן טיש), אָט איז אַ קאָראָבקע סערדין — אָט האָט איהר געטריקענטע הערינג, ביי אונז אין האָמלע רופט זיך עס טאַראַנקעס, און אין די רוסישע שטעדט רופט מען דאָס וואָבלע. אָט איז אַ קאַראָבקע ספּראָטען — דאָס איז פאַר אייך, באַריסניע... עס וועט אייך סמעקען... אָט האָט איהר בולקע — אַפילו סוואַרצע

ברויט איז ביי מיר אויך פאַרהאַן — איהר האָט האָלד סוואַרצע ברויט...

אײנניגע (ענטציקט). אַ! ראַזעווע ברויט!

זיסמאַן. לאָז מען שוין זעהן אַביסעל מַשְׁקֶה פאַר די אויגען! (עסינגער שטעלט עטליכע פלאַשען אויף דעם טיש) ס'איז דאָ! ס'איז דאָ!

שולערמאַן. נו קאָ, גאָספאָדאַ, זעצט אייך צום טיש. „צעם באָגאַט טעם אי ראַד"...

ווייסבאָרד. מיר וועלען זיך שוין, ווי עס ווייזט אויס, נישט דערוואַרטען אויף דער בַּעַל־הַבַּיִת'טעס איבערבייס, טאָ לאָמיר עפּעס צו בייסען מיט די הערדען.

שולערמאַן. אַוואו בעקומט מען רומעצקעס?

ווייסשטיין. זיסמאַן, גיעב נאָר אַ שפּרונג און שאַף עטליכע גלעזלאַך!

זיסמאַן. וואו קען מען דאָרט אַצינד עמעצען געפינען! אַלע זענען דאָך פאַרנומען מיט דעם יריד...

לויפמאַן. אַז דו וועסט נאָר גיעבען אַרעד, וועסט דו שוין קריגען; דו ביסט נאָך אַלענפאַלס אַזאַ יַחְסָן, ווי זייערע פויערען.

זיסמאַן. אַהאַ! דער דראַמאַטור האָט זיך שוין צורעדט אויפ'ן קאָמישען אופן...

לויפמאַן. שרעק דיך נישט, איך וועל דיר דיינע ראָלען נישט צו נעהמען.

ווייסבאָרד. אַהאַ! זיי זענען שוין אַרויף אויף די ראָלען.

שטיינסקי. לויפמאַן, אויף וואָס וואַרטסט דו? דו קענסט דאָך אַצינד האַפען אַ שאַנס! געה אַריין צו דיין צוקינפטיגער פּרי־מאַדאָנע — זי וועט דאָך דיר אוודאי געבען, וואָס דו דאַרפסט...

לויפמאַן. זי וועט קומען צו מיר.

שטיינסקי. הייסט עס געהסט דו נישט? נו, געה איך, נאָר געדענק, אַז דו זאָלסט דערנאָך קיין חֲרָטָה נישט האָבען...

לויפמאַן. מעגסט געהען, דו ביסט מיר נישט קיין קאָנ־קורענט.

שטיינסקי. האָב נישט קיין מורא איך וועל צו איהר נישט געהן.

לויפמאַן. געה, יאָ.

שטיינסקי. (געהט צו דער מיטעלסטער טהיר) הע, דו, יונגער־מאַן, דו ביסט פון ראַנען?

טוביה. (פון אונטער די קוליסען). וואָס איז? וואָס ווילט איהר?

שטיינסקי. קום נאָר!

טוביה (פון דאָרט). איך האָב נישט קיין צייט! מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען!

שטיינסקי. איין מינוט, אַנטלויף נישט! קום שוין אַהער!

טוביה (שטעלט זיך אין דער טהיר). נו, זאָגט געשווינד, וואָס ווילט איהר?

לויפמאַן. דו חמור, וואָס לאָזט דו דיך אַזוי לאַנג רופען, דו מיינסט, אַז דו האָסט דאָ מיט דיינע פייערען צו טהון?...

טוביה (אַביסעל געפלעגוט פון דער אונגערוואַרטעטער פאָרציע) ניין — מיר איז אַלץ איינס... מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען.

לויפמאַן. וואָס אַלץ איינס?

טוביה, ס׳הייסט... דער פייער איז ביי מיר נישט מעהר יקר פון איך...

זיסמאַן, גוט געזאָגט.

שולערמאַן. דו, טוביה, קום נאָר אַהער נעהנטער, דו זעהסט וואָ דאָ טהוט זיך?... לויף סיים געשווינד נאָך רומעצקעס!

טוביה. וואָס פאַרע חמצקעס?

שטיינסקי. בראַנפען־גלעזלעך מיינט מען.

טוביה. אַוי? מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען, ווי איך האָב געמיינט אַז ער זאָגט חמצקעס...

ווייסשיין. געה שוין געשווינד.

טוביה. אײדער איהר קוקט זיך אום, בין איך דאָ צוריק, מײן מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען. (אָב).

ווײסשײן, נאַ דיר גאָר אַזאַ מין באַשעפעניש.

מאַרגאַריטא. מען דאַרף אַרײַנרופען בערטען מיט סאָניען און די איבריגע.

לױפמאַן. איך גײה זײ אַרײַנרופען. (אָב).

טוביה (קומט אַרײַן). עס איז נישט דאָ מעהר ווי 4 גלעזלאַך און דאָס. (שטעלט אויף דעם טיש 4 גלעזלאַך און 2 בעכערס).

זיסמאַן (כאַפּט פון איהם דאָס אַלץ). לאָז שוין אַמאָל זײן אַ סוף, לאָז מען שוין אַמאָל זעהען אַביסעל בראָנפען פאַר די אויגען!

טוביה. מעהר דאַרף מען גאָרנישט?

שטײנסקי. וואַרט, וועסטו מיט אונז עפּעס אויסטרינקען.

טוביה. מײן מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען! ווי איהר זענט אַ גוטער ברודער... זאָגט נאָר, איהר מאַכט אויך די קאָמעדיע? (אַלע עסען, טרינקען).

זיסמאַן (מיט דעם פערבײַסען אין מויל). האַלט דעם פּיסק, רעד נישט אַזוי פיעל.

עסינגער (אונטערשפּיעלענדיג זיך מיט מאַרגאַריטא. צו טוביה). וואָס האָסט דיך אַניעדערגעסטעלט ווי אַדובינע, גײה! אַז מען וועט דיך דאַרפען, וועט מען דיך רופען!...

טוביה (לאַכענדיג). האַ האַ, דער ליטוואַק לאָזט זיך וואוילגעהן — מײן מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען, — פון אַזוינעם קען מען אָבלעקען אַ בײנדעל (אָב). (אַלע עסען און טרינקען, עסינגער, שולערמאַן טראָגען אָפּט אונטער מאַרגאַריטען פערשיעדענע געטרענקע און צוביס, מאַרגאַריטע צערעמאָניעט זיך).

עסינגער. וואָס איז דאָס פאַר אַ טרינקען? קאַליעקעס! די גאַנצע בראָנפען איז דאָך נאָך געבליעבען.

ווײסבאָרד. עס מוז דאָך זײן אַ שיעור צו טרינקען.

שולערמאַן. דאָס זענען אַקטערען? אַנ'אַקטער דאַרף קענען
אַריינגניסען...

ווייסשטיין. עס זענען אָבער דאָ פערשידענע אַקטערען.

שולערמאַן. (שפּאָטיש). פערשידענע!— וואָס איז די ראַזניצע פון אַ אידישען ביז אַ רוסישען?

ווייסבאָרד. נאָר אין טרינקען.

עסינגער. און אין שפּיעלען סוים גאָרניסט ניט?

ווייסבאָרד. גאָרנישט. לאָז מען אונז נאָר ערלויבען פריי צו שפּיעלען, לאָז מען אונז נאָר געבען אַזעלכע טעאַטערס און אַזעלכע שטיקער ווי זיי האָבען, וואָלט איהר געזעהען...

שולערמאַן (צו עסינגער). וואָ דען, ס'די ניט אַזוי? זעהען מיר דען ניט אויף דער ניט אידישער סצענע די בעסטע אידישע אַקטערען?

אַלע אַקטערען. בראַוואָ! בראַוואָ!

עסינגער (מיט אַ גלעזעל אין דער האַנד). ווען שפּיעלט איהר, גאָספּאָדאַ?

ווייסבאָרד. מאָרגען.

עסינגער (שטעלט זיך אויף). זעלאַיו אוספּיעך!

אַלע. אַדאַנק.

שולערמאַן. אַזוי געהט ניט, עסינגער! פּאָדאַזדיטע, אַלע מוזען טרינקען! (עס ווערט אָנגעגאָסען פאַר אַ/ע).

אַלע. לְחַיִים!...

עסינגער (צו אַלע עטוואָס בערוישט). איך איהר ווילט האָבען אוספּיעך, גאָספּאָדאַ, זאָלט איהר נאָר האַלטען אין איינער טרופּע וואָס מעהר באַריכנעס... (לויפּמאַן ערשיינט).

שולערמאַן (אויך בעטרונקען). בראַוואָ! גוט געזאָגט — נאָר וואָס מעהר זענסציגעס...

לויפּמאַן. אָ, דער שלאַג זאָל זיי טרעפען, די יאָלדען! זיי

קומען גאָרנישט הערען דאָס שפּיעלען, נאָר קוקען אויף די דאַמען — אָ, די אויגען זאָלען זיי אַרויס!

זיסמאַן. הער דיך אויף צו נערוועזישען! פֿאַרגעס נישט, אַז מיר האָבען נאָך נישט פֿאַר וואָס אויסצוקויפֿען דעם נאַלאָזש...

ליפּמאַן. רעכענסט דו, אַז זיי זאָלען דיר געבען?... לעבען זאָלען זיי אַזוי!...

זיסמאַן. דו וועסט שוין זעהן פֿאַרטיגערהייד!

ליפּמאַן. נו בעוויַז, וואָס דו קענסט.

זיסמאַן. (רופֿט אין אַ זייט וויַסבאָרד'ן, שטיינסקין און רעדט מיט זיי אויפֿן אויער, עסינגער שילערמאַן אונטערהאַלטען זיך דערוויַיל מיט מאַרגאַריטען). פֿאָלגט מיך, דירעקטאָר.

וויַסבאָרד. אַך, פֿאַר מיר פּאַסט דאָס נישט.

ליפּמאַן אַדאַי פּאַסט עס נישט.

זיסמאַן. אָט האָסט דו איהם — ווער דען זאָל מיט זיי רעדען?

שטיינסקי דו ביזט דאָך דער קאָמיקער, זיי הערען דאָך דיך נישט אויף צו ליובען — אַדרבּא גיעה צו און ברענג עס אַרויס אויפ'ן קאָמישען אופֿן און...

וויַסשטיין. איך האָב מורא, אַז ער וועט אָנהייבען קאָמיש, וועט זיך טאַקע אויסלאָזען אַ געלעכטער... (זיי לאַכען).

זיסמאַן. (בעליידיגט). אָט האָסט דו דיר, זיי מאַכען נאָר ס'געלעכטער, אַדאַי וואָס געהט עס אייך אָן, אַז איך בין אַריַינ-געפֿאַלען מיט 15 רובל און טראָג אַנ'אַלטען פֿערשימעלטען ראָק?... דער רוח האָט מיך אָנגעטראָגען אייך צו וויַזען די פּאָר רובעל.

ליפּמאַן. נו, וואָס איז דאָ פֿאַר אַנ'אומגליק?...

זיסמאַן (מאַכט איהם נאָך) נו, וואָס איז דאָ פֿאַר אַנ'אומגליק? — איהר האָט מיר עפּעס אַסך צו שטייער געגעבען, אָדער איך האָב דאָס געלד אפשר אין אייער טרופּע פֿאַרדינט?...

וויַסשטיין. וואו דען האָסט דו עס גענומען?

זִיסמאַן. איך האָב שווער געהאָרעוועט – אויף בְּרִית'ן האָב איך געזונגען! – וואָס דען האָב איך געזאָלט טהון, אַז פֿון דעם גאַנצען אַרומשלעפּען זיך מיט אייך אין די קליינע שטעדטליך האָב איך מיר נישט געקענט צוזאַמען קלויבען אויף אַ שטיקעל אַנצוג...

לויפֿמאַן. שאַ, דו ביסט דאָך עפּעס גאָר אינגאַנצען אַרויס פֿון דער ראָלע, און האָסט דיך צולאָזט אין דער דראַמע...

עסינגער. „צעוואָ טאַם"? האַ! וואָס איז פֿאַר אַ דראַמע?

לויפֿמאַן. אונזער קאָמיקער האָט זיך בעדראַמעט...

שולערמאַן. אַזוי גאָר? וואָס איז? פֿאַרוואָס?

וויַיסבאָרד. (שטופּט זיסמאַנען פֿון הינטען, אַז עסינגער מיט שולערמאַן זאָלען ניט מערקען) געה צו זיסמאַן, אַצונד איז אַ שַׁעַת הַכּוֹשֶׁר...

ווייַסשטיין. יאָ, יאָ, אַצונד איז די בעסטע געלעגענהייט.

זיסמאַן (ערדרייסט זיך) פּאַניע עסינגער, ווילט איהר וויסען, וואָס פֿאַר אַ דראַמע דער קאָמיקער שפּיעלט אַצונד? (ווייזט אויף זיך)

עסינגער נו–קאַ. נאָמיך אַקאָרסט הערען – וואָס איז פֿאַר אַ דראַמע?

זיסמאַן. אַ דראַמע, ווי יידישע אַקטערען קומען אַריין אין אַ שטעטעל פֿאַרזועצט פֿון קאָפּ ביז פֿיס און האָבען ניט פֿאַר וואָס אויסצוקויפֿען דעם נאַלאָזש...

עסינגער (קראַצט זיך אין קאַרג) ניט קיין פֿרעהליכע דראַמע, „צאָרט וואַזמי"!...

זיסמאַן. אויב איהר ווילט, אַז פֿון דער דראַמע זאָל ווערען אַ לוסטשפּיעל, קענט איהר עס אויספֿיהרען מיט אַ קלייניגקייט.

שולערמאַן. מיט וואָס פֿיהרט מען דאָס אויס?

זיסמאַן. מיט איין פֿונפֿציגער...

עסינגער. (אין דער וועלט אַריין) אָט אַזוי האַלט עס גאָר!... (צו שולערמאַן) נו, פּעטער, דאַכט זיך, צייט צו געהען... (רעדט צו איהם אין אויער).

לויפמאַן (צו זיסמאַן) נו, וואָס הערט זיך עפּעס מיט דיין קאָמיזמוס ?...

ווייסשיין. האָב איך דען נישט פריהער געזאָגט; אַז ער וועט אָנהויבען קאָמיש, וועט זיך אויסלאָזען אַ געלעכטער...

ווייסבאָרד (רופט מאַרגאַריטען, זי געהט צו ווייסבאָרדען, וועלכער רעדט מיט איהר עטליכע סעקונדען אויפ'ן אויער, דערנאָך ענדיגט ער העכער) • נישטאָ קיין אַנדער ברירה...

מאַרגאַריטאַ. עס איז מיר זעהר נישט אַנגענעהם.

שטיינסקי נישט אַנגענעהם אהין, נישט אַנגענעהם אַהער, וואָס דען זאָל מען טהון ?...

מאַרגאַריטא. איך זעה שוין, אַז דאָס זענען אַזעלכע, וואָס האַלטען נישט אַזוי שטאַרק פון גמילות-חסדים — זיי זוכען סחורה פאַר באַרעס געלד און צאָהלען דוקא אַגוטען פרייז...

ווייסבאָרד. אַזאַ סחורה מעגען זיי זיך געהן זוכען אין אַ רוססישער אָפּערעטע... דו פּרובּיר נאָר, זאָג זיי, אַז זיי זאָלען אונז אויסבאָרגען אַ פונפציגער ביז צו דער מאָרגענדיגער פאָרשטעלונג •

מאַרגאַריטא.- נו, איך וועל פּרובּירען; — נאָר מיר דאַכט זיך, אַז עס וועט דערפון גאָרנישט ווערען...

זיסמאַן. פאַרשטעהט זיך; אַז דו וועסט רעדען מיט אַ האַלב מויל איז בהנם, וואָס דו וועסט אַרויסוואַרפען אַ וואָרט, — דו רעד מיט זיי אויף אַנ'אַנדער אופן. ——

לויפמאַן (האַפט אונטער) קאָמיש!

זיסמאַן (אָנגעצויגען) ניין, דראַמאַטיש!... (צו מאַרגאַריטען) מען דאַרף זיין מיט זיי אַביסעל היימישער... מען דאַרף נישט אַזוי בלאָזען פון זיך; וואָס קענסט דו דאָ אָנוועהרען״... מם... לאָז דיר געבען אַ גלעט... מילא וואָס קען מען טהון, ס'קאָסט דיך טייער ?...

עסינגער (מיט שולערמאַן, וועלכע האָבען וועהרענד דער צייט דעם טשעמאָדאַן פאַרפאַקאַוועט און די מאַנטלען אויף זיך גענומען) נו—קאַ גאָספּאַדאַ, דאָ סווידאַניע!

זיסמאַן (צו מאַרגאַריטאַ) זעהסט, לאָז זיי נישט געהען.

מאַרגאַריטאַ (צו עסינגער און שולערמאַן). וואָס איז? וואוהין? עה, איהר וועט נאָך אַזוי גיך נישט געהען!

עסינגער (צופריעדען) פאַרוואָס?

שולערמאַן. און טאַקי פאַרוואָס?

מאַרגאַריטאַ (ליעבליך) דערפאַר, ווייל איך וויל, אַז איהר זאָלט נאָך בלייבען.

עסינגער. אָ, דאָס זענען גאָר אַנדערע ווערטער!...

שולערמאַן. ווייס איך וואָס... עס איז מיט זיי ניסט צו מאַכען... אַז זיי טרינקען גאָרניסט ניט...

זיסמאַן. מען וועט שוין טרינקען – מען וועט שוין טרינקען...

וויסבאָרד. אויב עס געהט אייך אין דעם, און איהר ווילט דוקא זעהען, ווי מיר ווילען זיין שיכור, טאָ זעצט אייך אַניעדער, ווילען מיר אייך מאַכען דאָס פערגעניגען...

(די איבריגע דאַמען טרעטען אויף)

זיסמאַן. אָט קומט שוין אונזער דאַמען פערסאָנאַל אויך... ס'וועט שוין זיין לעבעדיג–פרעגט נישט...

עסינגער. (ענטציקט) אָט דאָס זענען אויך פון אייער קאַפּעלע?

שולערמאַן. (צו עסינגער) האָסט דו דען דו ניט באַלד זאַמיע־ צייעט, אַז דאָס זענען גאָרניסט די זעלביגע פון דעם סטעטעל?.. דאָס איז גאָר אַ גאַנץ אַנדער פרימיער...

עסינגער. ניסט־קסה פון אַ סחורה... הער אַ מעשה... (צו די אַרטיסטען) וואָס זע האָט איהר געסוויגען ביז אַהער?

זיסמאַן. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איהר וועט זעהען פאַרטיגערהייד...

עסינגער (צו שולערמאַן). אוי, איז דאָס אַ קונדאַס!...

שולערמאַן. וואָס אַרט דיך, ער איז סוים אַ גוט ברודער'ל – ער פאַרסטעהט אַ געסעפט...

זִיסמאַן. אַיאָ, איך בִּין אַגוּט ברוּדערִיל! (צוּ עֶסינגער) וואָס זשעֶ הערט זיך מִיט דעם פוּנפציגער, וואָס איך האָב אייך געֶבעֶטעֶן?...

עֶסִינגעֶר (צוּ זִיסמאַנעֶן). קוּם נאָר אַהעֶר, דוּ בִּיסט דאָך אַ גוּט ברוּדעֶריל —

שטֵייִנסקִי (צוּ די אִיבּרִיגעֶ). ס'געֶהט שוין „בִּלְשׁוֹן אַתָּה", וועֶנעֶן מִיר שוין אויף אַ דֶרֶך.

עֶסִינגעֶר (צוּ זִיסמאַנעֶן, וועֶלכער איז צוּ איהם צוּגעֶגאַנגעֶן). איך וואָלט דִיך אויף נֶאֱמָנוּת וועֶלעֶן פּאָדעֶרוּעֶווען, אָבּעֶר איך מוּז אוֹיס־זאָגעֶן דעֶם גאַנצעֶן אֱמֶת, דאָס איז סיום מֵיינעֶר אַיין ווייעֶצנעֶר פּרִינצִיפּ, — אַז אַמוּזִיצִינעֶ גִיעב איך קיין געֶלד נִיט...

ווייִסשטֵיין (צוּ עֶסינגער און שוּלעֶרמאַן). נוּ, מֵיינעֶ הערען, בּעֶ־קעֶנט אייך מִיט אוּנזעֶר אִיבּרִיגעֶן פּעֶרסאָנאַל און זעֶצט אייך צוּ'ם טִישׁ.

עֶסִינגעֶר (צוּ שוּלעֶרמאַן). נוּ, וואָס, מִיר בּלֵייבּעֶן? אַ?

שוּלעֶרמאַן (צוּפרִידעֶן). פאַרוואָס נִיט? אויב די באַרִיס־ניעֶס וועֶלעֶן מִיט אוּנז אַרֵיינגִיעסעֶן, וועֶלעֶן מִיר בּלֵייבּעֶן...

בּעֶרטאַ. פאַרוואָס נִישט? זאָל נאָר זיין אַזוֹי פִיעל, וויפִיעל מִיר וועֶלעֶן טרִינקעֶן.

זאַקס (גלֵייכגִילטִיג) מִיט אוּנבּעֶקאַנטעֶ הערן טרִינק איך נִיט.

עֶסִינגעֶר (צוּ שוּלעֶרמאַן). זעֶהסט דוּ, אָט דאָס וועֶנעֶן ווער־מעֶר פוּן אַבּלאַהאָראָדנעֶ אַקטרִיסעֶ... קוּם לאָמִיר זיך פּאָזנאַקאָמעֶן... (זיי בּעֶגרִיסעֶן זיך און טהוּעֶן זיך צוּריק אוֹיס און זעֶצעֶן זיך.)

זִיסמאַן (צוּ מאַרגאַרִיטאַ, וועֶלכעֶ שטעֶהט נאָך פּעֶרטראַכט). נוּ, וואָס זשעֶ שטעֶהסטוּ? דוּ זעֶהסט דאָך שוין ווי ס'האַלט...

מאַרגאַרִיטאַ (געֶהט צוּ עֶסינגער). פּאַניעֶ עֶסִינגעֶר, אויב איהר ווילט, אַז מִיר זאָלעֶן מִיט אייך אַבִּיסעֶל פרעֶהלִיך פאַרבּרעֶנ־געֶן, זאָלט איהר אוּנז אוֹיסבּאָרגעֶן 50 רוּבּעֶל בִּיז צוּם מאָרגעֶנדִיגעֶן ספּעֶקטאַקל.

עֶסִינגעֶר (צוּ שוּלעֶרמאַן). וואָס זאָגט איהר, פּעֶטעֶר, אַ?

**שולערמאַן.** אַז דו האָסט, גיִעב, זיִ בעט דאָך, ס'וועט סוים זיין רעכט...

**עסיִנגער.** ס'וועט זיין רעכט זאָגט איִהר? (נעהמט אַרויס געלד און היִט זיִך, אַז מען זאָל ניִט מערקען). אָט האָב איִך אַ פיִנפאונצוואַנציגער, גיִעב איִך אייך אָפּעט — (צו מאַרגאַריטאַ) נו, וואָס בין איִך דער־פאַר ווערט?

**מאַרגאַריטאַ.** אַ גרויסען דאַנק.

**עסיִנגער.** ניִכט מעהר? ... איִהר הערט, פּעטער? „פּאָמניִטע״, איִהר האָט געזאָגט, אַז עס וועט זיין רעכט...

**שולערמאַן.** רעכט, רעכט, דרעה ניִט די קאָפּ...

**זיִסמאַן** (אונגעדולדיִג). רִבונו שֶׁל עוֹלָם! איידער מען דער־לעבט צו זעהען אַ 25־גער פאַר די אויגען...

**שולערמאַן.** וואָס מעדלעוועסטו?

**עסיִנגער** (צו מאַרגאַריטאַ). נאַט אייך אַ 25־גער און ווייסט, אַז איִך בין אַ מענץ, קאָטאָרי וואָס אָוואַזייעט אַקטריִסעס...

**זיסמאַן** (דרייסטער). פּאַניע עסיִנגער, אַלץ איינס האַלט איִהר שוין אויפ'ן וועג — פּאָהו'ט שוין אַרויס מיִט נאָך אַ 25־גער...

**עסיִנגער** (מיִט אַ האַלב געלעכטער). אָט איִז אַ קונדאַס!...

**שולערמאַן.** וואָס אַרט דיִך, ער איִז אַ גוט ברודעריל — ער מעג רעדען...

**לויפּמאַן.** ביִזט אַ גוט ברודעריל, זיִסמאַן, דו מעגסט רעדען און דו וועסט טאַקי בלייבען ביים רעדען...

**עסיִנגער.** נו קאַ, גאָספּאָדאַ, מען דאַרף טריִנקען. (אַלע זעצען זיִך טריִנקען און פּערבייסען).

**שולערמאַן.** זיִנגט עפּעס צעוואָ ניִ בוד פון דער קאַלדוניִ...

**עסיִנגער.** ניין, בעסער פון קוניִ לעמעל...

**ווייסבאָרד** (צו זיינע לייט). דעם פאַן עסיִנגער צוליִעב ווע־לען מיִר זיִנגען פון קוניִ לעמעל (זייַ זיִנגען דאָס ערשטע כאָר פון קוניִ לעמעל).

שוּלערמאַן. בראַוואָ! אָט דאָס איז גוט געווען (זינגט אונ־מער) עסט סוים און טרינקט סוים און הוּלעט סוים. און זינגט סוים (בערוישט) צאַרט וואַזמי, ס׳איז גוט! בנאמנוּת גוּט!...

עסינגער. דאָס איז דאָך גאָלדענפאָדימס אַפּיעסניע... אַ קליינינקייט זיינע פּיעסניעס...

שוּלערמאַן (אַלץ בערוישט). פּיעסנעס, פּיעסנעס... אַלץ איז גוט פֿון אידישען טעאַטער! וואָס איז מיר די ראַזניצע גאָלדינ־פֿאָדים – שמאָלדענפֿאָדים... וואָס וועט מען טהון, אַז גאָלדינ־פֿאָדים וועט סטאַרבען, וועט מען, הייסט עס, סוים גאָרניסט ספּיעלען, סוים גאָרניסט זינגען?... וואָס? גלאַוונאָע דיעלאָ אַז איך קום אין אידישען טעאַטער, וויל איך מיך גוט אָנלאַכען „בּאָלסע – ניצעוואָ״...

עסינגער. דאָס איז אמת...

שטיינסקי. איהר וועט מיר ענטשוּלדיגען, מיינע הערען, איהר האָט אַ גרויסען טעות, און נאָך אַ סך אַנדערע לעבען אַזוי אין טעות ווי איהר, און מיינען, אַז טעאַטער איז געמאַכט געוואָרען נאָר צוּליעב דעם, אַז מען זאָל האָבען, וואו צו געהען די צייט פאַרטרייבען מיט לאַכען, יאָ ס׳מאַכט זיך אַ סך מאָל, אַז מען לאַכט אין טעאַטער, אָבער גראָד פון אַזעלכעס, וואָס מען דאַרף גאָר וויינען, און אין דעם זענען נעבאַך נישט שוּלדיג נישט די אַקטע־רען און נישט דאָס פּוּבּליקום – נאָר די שרייבער פוּן די פּיעסען, וועלכע האָבען אַריינגעשריבען אַזעלכע קלאָונישע וויצען, וואָס עס פּאַסט זיך גאָרנישט פאַר אַ ל׳ייזישע סצענע, נאָר פאַר אַ מין „באַלאַגאַן״ אָדער „העצע״, ווי [illegible] פּראָסטער עולם רופט עס אָן... אָבער באמת איז טעאַטער געמאַכט געוואָרען אויסצובילדען דאָס פּוּבּליקום... דאָס איז אַ שפּיעגעל, וואָס פאַרשידענע מענשען קע־נען זיך דאָרט זעהען און בעמערקען זייערע פעהלער. איבערהויפּט איז דאָ וועגען דעם אַ סך צו רעדען, נאָר נישט איצט איז די צייט...

עסינגער. אָט האָסט דו דיר! „זנאַציט״ – אַז מען טאָר אין

מעֶאַטעֶר גאָרניִסט לאַבֿעֶן ?

שטיִינסקיִ. וואָס זאָל איִך אײַך זאָגעֶן ? — איִך וואָלט אודאי געֶוואָלט, אַז דאָס פּובליִקום זאָל זיִך וויִ אַמבעֶסטעֶן אַמוזיִרעֶן, נאָר אונז זאָלעֶן זײַ ניִשט מאַכֿעֶן איִבעֶר ס'געֶוואַלט פֿאַר קאָמעֶדיאַנטעֶן— זײַ זאָלעֶן מעֶהר בעֶזוכֿעֶן דיִ עֶרעֶנסטעֶ פּיעֶסעֶן, אַז מיִר זאָלעֶן שוין אַמאָל קעֶנעֶן פֿון זיִך אַראָפּוואַרפֿעֶן דיִ קלוינסקעֶ קלײַדעֶר — אָ, דאָס איִז מײַן הײַסעֶסטעֶר וואונש !

שולעֶרמאַן. ווײַס איִך וואָס — אָט דאָס ברודעֶרקעֶ דאַרף נאָך לאַנג דויערעֶן.

שטײַנסקיִ. אָט דאָס איִז טאַקיִ דאָס אומגליִק ...

עֶסיִנגעֶר. וואָס פֿאַר אַ „נעֶסצאַסטיעֶ״ ! וואָס ווילט איִהר ?

זיִסמאַן. וואָס האָסטו דיִך טאַקעֶ אַזוי צורעֶדט ?

שטיִינסקיִ. דו פֿרעֶגסט מיִך וואָס ? דו פֿעֶרשטעֶהסט מיִך אויך ניִשט ?

לויפֿמאַן. עֶר פֿעֶרשטעֶהט דיִך גאַנץ גוט — דעֶר קאָפּ איִז איִהם ניִשט אויסגעֶדאַרט, נאָר עֶר האָט מוראָ, אַז עֶס וועֶלעֶן אונטעֶרגעֶהן דיִ שונדפּיעֶסעֶן. וועֶט עֶר דאָך ניִשט האָבעֶן זײַנעֶ פּוילעֶ שטיִק, וואו צו בעֶוויײַזעֶן ...

זיִסמאַן. קנאַקעֶר, איִך וועֶל מיִך איִן דיִ ליִטעֶראַריִשעֶ פּיעֶסעֶן אַזוי פֿיִעל בעֶוויײַזעֶן, וויִ דו.

לויפֿמאַן. אויב אַזוי, אַז דו וויִלסט אַרויסקריִכֿעֶן פֿון דעֶם שמוץ — וועֶל איִך מיִט דיִר לעֶבעֶן בשָלום ! אָט האָסטו מײַן האַנד.

שטיִינסקיִ מײַנעֶ אויך. (גיִט איִהם דיִ האַנד).

עֶסיִנגעֶר. ייִז וואָס ? וועֶט איִהר סוים מעֶהר ניִט ספּאָרעֶן ? (צו שולעֶרמאַן, וועֶלכֿעֶר איִז פֿעֶרטהון מיִט דיִ דאַמעֶן און מיִט'ן שנאַפּס) איִהר העֶרט, פֿעֶטעֶר ? סוים סָלום ...

שולעֶרמאַן (שיִכּור). סלום, סלום, סלום !... לחיים, לסלום — זיִנגט גאָספּאַדאַ ! (עֶר זיִנגט און טאַנצט שיִכּורלעֶך צו) עֶסט סוים און טריִנקט סוים ...

עֶסינגעֶר (צוהיצט זיך אויף. שלעֶפּט איינינגע, ווי זאָלען מיט איהם זינגעֶן). פּאָטיאַניטעֶ; האַלט אונטעֶר דעֶם פּעֶטעֶר!... (קנאַקט מיט די פֿינגעֶר און מאַנצט אויף צו. שולעֶרמאַן טהוט אויף דאָס זעֶלבעֶ און האַלט אין איין זינגעֶן – עֶסט סוים, טרינקט סוים א. ז. וו.. אלעֶ עֶנדיגעֶן וויטעֶר דאָס פאָר געֶזאַנג און בעֶוועֶגעֶן זיך ווי איינעֶר קעֶן.)

# דריטער אקט.

קליינשטעטילדיגע הייזלעך. לינקס די אַכסניה, פון אויסעגוויינינג דאַנעבען איין אנגעפאַלען טויער, אויף וועלכען עס איז פון אויבען אָנגעשריבען „איינפאָרהויז" און פון ביידע זייטען געשריבענע אַפישען מיט דער אויפשריפט „בר כוכבא". — נישט וויים פון דאָרט שטעהט אַ וועגעלע אויף צוויי רעדלעך, דערויף אַ פאַס, צו וועלכען עס איז צו געסטרויעט אַ ברענענדיגער פאַקעל; דאַנעבען דרעהט זיך הין און צוריק אַ פייערלעשער, שפעטער פאַרליערט ער זיך אין הויף אַריין).

זיסמאַן (תאַראַקטעריזירט ווי „פאַפוס" אין דעם שטיק „בר כוכבא". אַריינלויפענדיג, רייסט ער פון זיך אַראָב די באָרד מיט דעם פאַריק) איין מאָל פאַר אַלע מאָל, איך וויל נישט מעהר שפילען, ביז מען וועט מיר מיין געלד נישט אָבגעבען.

ווייסשיין (וועלכער טראָגט איהם נאָך דעם קאָסטיום מיט דעם מירבאַן). אָבער אום גאָטעס ווילען, וואָס טהוט זיך מיט דיר, זיסמאַן? — פאַר וואָס האָסטו דיך נישט געשטעלט פאַר דער פאָרשטעלונג, נאָר פונקט אַצינד, נאָך דעם צווייטען אַקט?

זיסמאַן. פאַרדאָן! שוין פינף פאָרשטעלונגען האָבען מיר אין דעם שטעדטיל געגעבען, איך האָב דעם דירעקטאָר שוין אפשר פופציג מאָל דערמאָנט, און ער האַלט אַלץ אין איין צוזאָגען! היינט האָט ער מיר שוין זיין וואָרט געגעבען, אַז ער וועט מיר דאָס געלד אין דער גאַרדאַראָבע אַריינברענגען באַלד נאָך דעם ערשטען אַקט, און איך וואַרט און וואַרט, און מען הערט נישט און מען זעהט נישט... ווי איך זעה, מאַכט ער אויס מיר גאָר אַ חוזק, טאָ לאָז ער נישט מיינען, אַז אַלע מאָל גילט עס אָב...

ווייסשיין. אָבער מען מוז דאָך אין יענעמס לאַגע אויך אַריין, אפשר האָט ער נישט?

זִיסמאַן. וואָס, ער האָט נישט? ס'איז דאָך קיין שפּילקע צו דער ערד צו וואַרפן — די סטאָדאָלע פּלאַצט דאָך שיער פון מענשען...

ווײַסשטײַן. וואָס פאַר מענשען? די, וועלכע שטופּען זיך מיט געוואַלד אַרײַן, הײסען בײַ דיר אויך מענשען?

זיסמאַן. ווילסט מיר אַוודאי אײַנרעדען, אַז אַלע האָבען זיך מיט געוואַלד אַרײַנגעשטופּט, האַ?

ווײַסשטײַן. אַלע נישט, אָבער מעהר ווי די העלפט געוויס...

זיסמאַן. און ווען יאָ, וואָס איז דען מײַן געשעפט! האָט מען בעדאַרפט בעסערע אָרדנונג צו האַלטען...

ווײַסשטײַן. מיט אונזערע יידעלאַך ווילסטו עפּעס אויספיה־רען? ווייסטו דען נישט, אַז איינער קריכט דעם צווייטען אויפ'ן קאָפּ?... ס'זענען טאַקי דאָ פאַרשידענע קלאַסען: ערשטענס זענען דאָ אַזאַ, וועלכע שטופּען זיך אַרײַן בחנם — צווייטענס זענען וויע־דער דאָ אַזעלכע, וואָס קויפען כלומר'שט יאָ בילינע בילעטען און זיצענדיג אין טעאַטער, רוקען זיי זיך וואָס אַמאָל העכער העכער, ביז זיי פאַריאָגען די, וועלכע האָבען געקויפט די טײַערע פּלעצער, און בײַ אונז בלײַבען די אַרײַנגערוקטע און די אַרויפגערוקטע... אַצינד פאַרשטעהסטו שוין, פון וואַנען דער דירעקטאָר קען האָבען צו צאָה־לען?...

זיסמאַן. ווייס איך וואָס, מיר האָט זיך עס שוין אײַנגעגעסען צוזעגעניעסען, שלעפּ זיך אַרום פון איין שטעדטעל אין צווייטען האָ־רעווע ווי אַנ'עזעל, און אַלע מיינען, אַז מען ווערט גליקליך בײַ'ם יידישען טעאַטער, צו'ם סוף בלייבט אַ קרענק...

ווײַסשטײַן. אָבער יעדענפאַלס לוינט דאָך נישט צו מאַכען אַזאַ סקאַנדאַל!...

זיסמאַן. ס'לוינט נישט? איך מאָן איהם דען געלד פאַר דער פאָרשטעלונג, איך וויל דאָך נאָר, — אַז ער זאָל מיר אָבגעע־בען מײַנע 15 רובעל, וואָס ער האָט בײַ מיר באַרעטע גענומען...

ווײַסשטיין. משוגענער, וואָס האָט עס דיך אָנגעשפּאַרט גראָד אַצינד? דאָס פּובליקום וואַרט דאָך!...

זיסמאַן. אַ קלייניגקייט — אַ ווילדע פּובליקום, אַ ווילדע סצענע, און אַ ווילדע טעאַטער!... אַז אָך און ווײ צו מײַן ביסעל יאָהרען, וואָס איך האָב דערלעבט, פון אַזעלכע גרויסע טעאַטערס, וואו איך האָב ערשט נישט לאַנג מיט גאָלדפאַדענען געשפּיעלט, אַרײַנצופאַלען צו לייבוש שוסטאַק אין סטאָדעלע אַרײַן... אַ סצענע, אויף אַ שליטען אַ פּאָר ברעטלעך אַרויפגעלעגט, צוזאַמענגעקלעבט מיט ניכטערען שפּײַעכץ, און אַזוי ווי מען טרעט נאָר אַרויף, פאַלט מען באַלד אַראָב, אין דער הויך איבער דער סצענע אַ לייטער פאַר הינער, און יעדע מינוט (ווײַזט דעם פּאַריק) נאַ, זעה, ווי מען זעהט אויס!... (ווישט אָב דעם פּאַריק און עקעלט זיך) קראַנק געוועזן חאָטש די הינער פון דאָרט אַראָבצוטרײַבען! (לאַרם הינטער די קוליסען).

ווײַסשטיין. איז דען יעצט די צײַט וועגען דעם זיך צו בע־קלאָגען? מען מוז דאָך ענדיגען די פאָרשטעלונג!

זיסמאַן. טאָ ענדיג — וואָס געהסט מיך אָן?

ווײַסשטיין. ס׳געהט דיך גאָרנישט אָן? אויב אַזוי וועל איך דיך — צווינגען, אַז דו זאָלסט שפּיעלען!

זיסמאַן. צווינגען? מיט וועלכען רעכט?

ווײַסשטיין. מיט דעם רעכט, ווײַל איך בין דײַן רעזשיסער.

זיסמאַן. רעזשיסער? טאָ געה טרײַב אַראָב די הינער!...

ווײַסשטיין. העך דיך אויף צו חכמענען — אַז נישט —

זיסמאַן. וועסט מיך שטראַפּירען?

ווײַסשטיין. נאָר ערגער, איך וועל דיך אַרעטירען.

זיסמאַן. אָ וואַ, אַזאַ מאַכער ביסטו?...

ווײַסבאָרד (טרעט אויף). וואָס איז, רעזשיסער? פאַרוואָס שפּיעלט מען נישט? דער בירגמייכטער בעזערט זיך, פאַרוואָס מען האַלט אַזוי לאַנג אויף.

ווײַסשטיין (איבערגעשראָקען). דער בירגמײַסטער! איך האָב

זעהר מוֹרָא, אַז עֶר זאָל אונז נישט אַראָבלאָזען די פֿאָרהאַנג אין מיטען שפּיעלען, אַזוֹי ווי יענער נאַטשאַלניק דאָרט ...

ווײַסבּאָרד. וועט איך זײַן פֿאַרפֿאַלען. עס וועט גאָרנישט העלפֿען, מען מוז שפּיעלען; אַז נישט וועט פֿאַר אונז ערגער זײַן — ער וועט פֿאַרשטעהן, אַז מיר האָבען מוֹרָא ...

ווײַסשטײַן. איך רעכען, אַז עמיצער האָט געמוזט אונטער מַסֵרן, אַז מיר שפּיעלען יידיש ...

ווײַסבּאָרד. וואָס עס איז שוין דאָרט געוועזען, אַבּי ער איז דאָ. אַזוֹי לאַנג ווי ער וועט אין טעאַטער זיצען, מוזען מיר זיך בעמיהען ווי ווײַט מעגליך צו שפּיעלען אויף דײַטש ...

זיסמאַן. אַ שעגע מַעֲשֶׂה... שען קען איך אויסזעהען פּאַפּוסעם ראָלע אויף דײַטש! ...

ווײַסבּאָרד. גענוג! לאָז שוין נעהמען אַ סוֹף! (אָב)

ווײַסשטײַן. דו שטעהסט נאָך; דו הערסט דאָך, אַז דער בּירגמײַסטער וואַרט!

זיסמאַן. לאָז ער וויסען.

ווײַסשטײַן. וואָס, ס'אַרט דיך גאָר נישט?

זיסמאַן. אַפילוּ נישט דאָס מינדעסטע...

ווײַסשטײַן. אויב אַזוֹי, וועסטו דאַלט זיך בײַ מיר באַלד אַנ־דערש רעדען! (אָב אין טויער).

זיסמאַן (שרײַט איהם נאָך). קענסט לויפֿען וואוהין דו ווילסט, בּיז מען וועט מיר נישט אָבגעבען מײַן געלד, געה איך נישט שפּיעלען; איך בּין אויך אַ גוטער פֿויגעל ...

פּאָליציאַנט (טרעט אויף, נאָך איהם ווײַסשטײַן. הינטער די קוליסען אַ לאַרם). Это ужаснѣйшій скандалъ! Отчего Вы не хотите кончать спектаклъ?

זיסמאַן. וואָס זאָגט ער?

ווײַסשטײַן. דו הערסט דאָך, אַז ער זאָגט ספּעקטאַקעל...

זיסמאַן. אָבער וואָס מײַנט ער דערמיט?

ווײַסשטײַן. אַז דו זאָלסט געהן אויף דער בּיהנע און ענ־דיגען דעם ספּעקטאַקעל.

זיסמאַן. איך זאָל געהן? ער קען לאַנג וואַרטען!

פּאָליציאַנט. Что онъ говоритъ?

ווײַסשטײַן. Онъ не хочетъ играть.

פּאָליציאַנט. Почему онъ не хочетъ? какъ такъ?

זיסמאַן. וואָס מיר טאַק און וואָס מיר... בּיז מען וועט מיר נישט בּרענגען מײַן געלד, געה איך נישט אויף דער סצענע... (לאַרם).

פּאָליציאַנט. Что онъ опять говоритъ?

ווײַסשטײַן. Пока ему не уплотятъ, такъ онъ не бу-детъ игрить.

פּאָליציאַנט. Въ такомъ случаѣ, я его арестую.

ווײַסשטײַן. דו הערסט, זיסמאַן? אויף אַזאַן אַרט, זאָגט ער, וועט ער דיך אַרעטירען.

זיסמאַן. וועמען, מיך? פאַר מײַן געלד? זאָל ער מיר זײַן פאַר אַ שענע ריינע כּפּרה! (צו ווײַסשטײַנען אין אויער) איך האָב דאָך נישט קײַן כּתובּה...

ווײַסשטײַן (צום פּאָליציאַנט) Оставьте его, пожалуйста.

פּאָליציאַנט. Вѣдь я долженъ его арестовать!

ווײַסשטײַן. ער זאָגט אַז ער מוז דיך אַרעטירען.

זיסמאַן. ער מוז? ווער בּעט איהם – איך געה שוין שפּיע־לען! (ער נעהמט די בּאָרד מיט דעם פּאַריק פון דער קעשענע, טהוט זיך אָן, לויפט אין טויער אַרײַן. פּאָליציאַנט, ווײַסשטײַן לויפען נאָך).

לייבּוש (טרעט אויף פון הויזעל). טוביה! טוביה! וואו איז ער ערגעץ? טוביה!

טוביה (פון הינטער די קוליסען). בּאַלד, בּאַלד, אָט געה איך (טרעט אויף). אוי בּעל הבּית! ר' לייבּוש, די יודישע נאַקטיאָרען שפּיעלען דאָרט די קאָמעדיע, מײַן מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבּען!

אוי איז דאָס אַ שפּיעל „בר כָּבֶע״ — בַּעַל כָּרְכָה... איך בין געזעצ־סען אויפ׳ן דאַך מיט שמואל דעם נאַסאַק און מיט זלמן צאַפּ — מיר האָבען אויסגעריסען עטליכע שינדלען און מיר האָבען אַלץ געזעהען, פּונקט אַזוי ווי אינווענינ...

לייבוש. וואָס! דו האָסט אָבגעריסען שינדלען? דו מאַכסט דאָך אַ תֵל פון דער גאַנצער סטאָדאָלע...

טוביה. האָט נישט קיין מוֹרָא, בַּעַל הַבַּיִת, אַז די נאַק־טיאָרען וועלען אַוועקפאָהרען, וועל איך אַ״ץ צוריק צוקלאַפּען נאָך בעסער ווי פריהער, מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען! אוי, ר׳ לייבוש! ווען איהר וואָלט געהערט ווי די נאַקטריסען האָט געזונ־גען (מאַכט נאָך) „ניין, ניין, איך לאָז נישט!״

לייבוש: איך וויל פון זיי נישט הערען — פאַרדריי מיר נישט דעם קאָפּ.

טוביה. איהר מעגט הערען בַּעַל־הַבַּיִת, דאָס איז אַ ציקאַ־וואָשטש, — מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען! ווי דער אַלטער האָט זיך געריסען אין אַלע זייטען, און אַזעלכע געזונדע יונגאַנטשעס מיט קאַטשקעס אויף די קעפּ האָבען איהם אַזוי פעסט געהאַלטען, אַז ער האָט נישט געקענט אַהין און נישט אַהער, און זי האָט זיך אויך געריטען און געזונגען: ניין, ניין, ניין, איך לאָז נישט... ׳ס האָט זיי אָבער געהאָלפען, ווי אַ טויטען בייַנקעס! איהם האָט מען אַרויס־געשלעפּט אַהין, און זי אַהער!...

לייבוש. ס׳ וועט שוין זיין גענוג, נאָך נישט?

טוביה. אַוודאי נישט! — דערנאָך קומט צו געהן דער רויטער הונד, דער בלינדער... פּאָקוס און רייצט זיך נאָך מיט אַלע און זאָגט „אַז ער האָט איהר דאָס די גאַנצע חתונה אויפגעשפּיעלט...״ דאָס האָט מיך שוין אַזוי געקרענקט אַז איך האָב געמיינט, איך בע־קום דעם שלאַג, מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען, — ווייסט איהר וואָס איך האָב איהם געטהון? — איך האָב מיך נישט געפוילט, אָב־געריסען נאָך עטליכע שינדלען און האָב איהם געגעבען אַ שיעב אין

קאָפּ אַריין, אַז ער איז שיעור געבליבען אָהן אַ קאָפּ. איך גיעב אַ קוק, האָט ער גאַר שוואַרצע האָר, נאָר אויף דעם גאַס האָט ער געטראָגען אַ געל האָרשייטעל, מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען!

ליבוש. וואו זשע אַהין האָסטו פערוואָרפען די שינדלען?...

טוביה. איך וועל זיי שוין געפינען – זאָרגט אייך נישט.

ליבוש, טוביה, דו זאָלסט אַכטונג געבען אויף דער אכסניה, איך מוז אַוועק געהן, איך קום באַלד צוריק.

טוביה. איהר דאַרפט מיר דען אָנזאָגען! אַליין וויים איך נישט, וואָס איך האָב צו טהון?

ליבוש. פאַרגעס נישט די שינדלען צוזאַמען צו קלויבען! ס' אַ שאָד אַ שינדעל (אָב אין גאַס.)

טוביה. איך וועל שוין זוכען, מיר דעם דאַך וועל איך נאָך אָפּען לאָזען, ביז די קאָמעדיאַנטען וועלען אַוועקפאָהרען... אַזאַ שווינדלער טהוט זיך אָן אַ געל שייטעל און נאַרט אוים געלד... איך וועל איהם פּאַקען, וועל איך איהם די ביינער צוברעכען, מיין מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען... (אָב אין אכסניה)

קילע (פון לינקס. דינה'לע מיט אַ ברינ̈ק אין דער האַנד פון שטוב).

דינהלע! וואָס טהוסטו דאָ אַזוי שפּעט?

דינה. די מאַמע שלאָפט שוין און דער טאַטע איז ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, און מיר ווילט זיך נאָך אַזוי פריה נישט שלאָפען, בין איך מיר אַביסעל אַרוים פאַר דער טהיר.

קילע. וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?

דינה. ע... דאָס איז... גאָרנישט...

קילע. איך זעה, אַז דו בעהאַלסט עפּעס פון מיר, ווילסט מיר נישט זאָגען, דאַרף מען נישט.

דינה. קילע, איך וועל דיר זאָגען! דו ביזט דאָך איינע פון מיינע בעסטע חברטעס אין שטעדטעל. ביז אַהער האָב איך פאַר דיר קיין שום סודות נישט געהאַט – איבערדעם וויל איך דיר אַצונד

אויך אַלץ דערצעהלען. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיך בעשלאָ־
סען פון אונזער שטעטעל פּטור צו ווערען.

קילע. נו?

דינה. נו, האָב איך אַצונד די מעגליכקייט...

קילע שוין, אַצינד?

דינה. נישט שוין, אָבער אין קורצען וועט עס געשעהען.

קילע. און דו וועסט טאַקי פאָהרען.

דינה, אונבעדינגט.

קילע. אויב אַזוי, לאָמיר זיך צוקושען (קושען זיך) זעהסטו,
איך וויל אויך אַזוי טהון.

דינה. דו ווילסט אויך פאָהרען! אַליין?

קילע. מיט אַ חתן.

דינה. וואו האָסטו גענומען אַ חתן?

קילע. טאַקי דאָ אין שטעדטיל, און דו קענסט איהם
גאַנץ גוט...

דינה. איך קען איהם, זאָגסטו?

קילע. יאָ יאָ, אַ נו, טרעף!...

דינה, איך קען נישט טרעפען.

קילע. דו קענסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלען? אויף קיינעס־
פאַל?

דינה (נאָכדענקענד). אפשר עמיצען פון די אַקטיאָרען?

קילע. געטראָפען...

דינה. געטראָפען זאָגסטו?!...

קילע. שאַ עמיצער געהט! דאַכט זיך אַז דער בירגמיש...
(קוקט אין אַיינפאָרהויז.) יאָ יאָ, טאַקי ער, — אַ האַלבע שעה פריהער
האָב איך געזעהען, ווי ער איז הינטען אַרום געגאַנגען צו אַיער
סטאָדאָלע צו, דאָס הייסט צום טעאַטער מיין איך...

דינה (קוקט ערשראָקען.) ער געהט טאַקי פון דאָרט, און דער
דירעקטאָר געהט איהם נאָך און בעט איהם עפּעס און ער בייזערט

זיך — ווער ווייסט וואָס דאָס איז! לאָמיר דערווײַל אַוועקגעהען פֿון דאַנען ... (בײדע אָב לינקס.)

(עס קומט אַרײַן דער בורגמײַסטער, נאָך איהם דער פּאָליציאַנט, וועלפֿער סאַלוטירט איהם און ווייסבאָרד.)

ווײַסבאָרד. העֶר בורגמײַסטער, ערלויבען זי אונז אַם וועניגסטענס הײַנט צו ענדיגען די פֿאָרשטעלונג!

בורגמײַסטער. נישט מעהר, שווינדלער! זי האַבען מיר פֿערזיכערט, דאָס זי דײַטש שפּילען ווערדען אַם ענדע איסט דאַס קוגעל דײַטש ...

פּאָליציאַנט. Ваше благородіе, люди скандальничають, чтобъ имъ деньги возвратили!

בורגמײַסטער. Разогнать всѣхъ!

(בורגמײַסטער אָב און גאַס אַרײַן, פּאָליציאַנט געהט אַרײַן צוריק אין מויער.)

לויפֿמאַן (טרעט אויף און די איבעריגע אַקטערען פֿאַרגרימירט). פֿאַרוואָס איז עפּעס דער סטראַזשניק אַוועקגעלאָפֿען מיט אַזאַ כּעס?

ווײַסשײַן (אויך צו ווײַסבאָרדען.) נו, ער האָט ערלויבט חאָטש הײַנט אָבצושפּיעלען?

ווײַסבאָרד. ווי האָט ער ערלויבט, ער האָט געהייסען אַלע צו טרײַבען ...

ווײַסשײַן. וואָס זשע וועלען מיר אַצינד טהון?

זיסמאַן. וואָס הייסט וואָס מיר וועלען טהון? — קומט, ס' איז דאָ וואָס צו טהון, לאָמיר האָטש אָברײַסען די אַפּישען — וואָס שטעהט איהר? ... (רײַסט די אַפּישען)

לויפֿמאַן. ער מאַכט זיך נאָר זײַנע וויצען — בײַ איהם איז אַלע מאָל איין צײַט ...

זיסמאַן. וואָס זשע דען זאָל איך טהון, זאָל איך מיך אָפּטר זעצען וויינען, אַז איך זעה, ווי מיר האָבען זיך אין אַ

פראָסטען מיטוואָך אָנגעטהון פאַר פורימשפּיעלער און מיר לויפען אויף דער גאַס ווי די משוגענע...

שטיינסקי. ער האָט דען נישט רעכט...

ליפמאַן. מיט וואָס האָט ער רעכט? — מיר האָבען דאָך קיינער נישט געוואוסט, וואָס ס'טהוט זיך מיט אונז, ס'איז פּלוצלונג געוואָרען אַזאַ לאַרם, אַז טיר האָבען געמיינט ס'ברענט... (לאַרם הינטער די קוליסען.)

וויַסשטיין (קוקט אַריין אין הויף). זעהט וואָס ס'טהוט זיך, די פּאָליציי צוזאָגט אַלע — אַסך פאַרלאַנגען צוריק דאָס געלד.

ליפמאַן. אַחינו בני ישׂראל — נאָכדעם ווי מיר האָבען פאַר זיי שוין באַלד 3 אַקטען אָבגעשפּיעלט. נאָכדעם ווי עס האָט אונז אַזאַ אומגליק געטראָפען, האָבען זיי נאָך אַזעלכע העַרצער דאָס געלד צוריק צופערלאַנגען? — און ווילען גאָר נישט אַריינגעהן אין אונזער לאַגע...

שטיינסקי. זיי ווילען נישט? זיי פיהלען טאַקי נישט — זיי בעטראַכטען אונז גאָר פאַר אַנדערע מינים בעשעפעניששען...

וויַסשטיין. נישט אַלע זענען אַזוי — עס געפינען זיך אַפּאָר רויע יונגאַטשעס...

זיסמאַן. אַזוי רויע... און וואָס זאָגען די אָבגעקאָכטע?... (פערשידענע מענשען געהען דורך. אַ גרופּע יונגע לייטלאַך עטוואָס אינטעליגענטער געקליידעט, טאַקי מיט לאַנגע קאַפּאָטעס, נאָר מיט געפּרעסטע קראַגען).

איינער. וואָס, ער האָט אייך טאַקי באמת פאַרוועָרט צו שפּיעלען, דער בירגמייש?

צווייטער. וואָס איז, וואָס האָט ער דען צו אייך? — וואָס איז איהם אַחילוק צו יודיש צו דייטש?

ווייסבאָרד. איהר זעהט דאָך.

דער ערשטער. ווייס איך — אַ שונא ישראל... (וועהרענד דער צייט הערט זיך פון הינטען אַ געוויש. עס ווערט שטאַרקער).

צווייטער. דער עולם האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל זיי

צוריק געבען דאָס געלד — האָבען מיר זיך פאַר אייך אַרויסגעשטעלט — וואָס זענט איהר נעבאַך שולדיג? איהר האָט דאָך געהאָרעוועט...

ווייסשיין. זעהט איהר, עס געפינען זיך דאָך יודעלעך בְּנֵי רַחֲמָנִים...

זיסמאַן. וואָס זשע דען האָט איהר געמיינט אַז מען וועט פערלוירען צווישען אונזערע ברידער!...

ערשטער (צופריעדען, צו זיסמאַן.) דאָס האָט איהר געשפּיעלט דעם רויטען? אויסגעצייכענט (די יונגע לייטלעך רעדען צווישען זיך מיט ענטציקונג אין דער שטיל.)

לויפמאַן (צו זיסמאַן.) אָט האָסטו שוין אַ רעצענזיע אין מיטען מאַרק... וואָס ווילסטו נאָך?...

איינער (פון די פערשידענע וויסע־חברהניקעס וועלכע זענען אויפ־געטרעטען) קאָמעדיאַנשציקעס!

נאָך איינער. פורימשפּיעלער!

איינער (פון די יונגע לייטלעך.) העי, איהר, שאַרלאַטאַנעס! וואָס טשעפּעט איהר זיך מיט מענשען?

דער צווייטער. מיר וועלען אייך לאָזען אַרעטירען.

אַנדערע. קונצענמאַכער!... (וואַרפען שטיינער אויף די אַרטיסטען.)

שטיינסקי. זעהט, זיי וואַרפען שטיינער!

די פריהעריגע יונגע לייטלעך. אַך איהר וויסע־חברה־ניקעס! מיר וועלען אייך באַלד אָנלערנען (יאָגען זיי, פון דער אַנדערער זייט קומען אָן אַנדערע קליינע יינגלאַך).

איינינגע (שטעלען זיך פָּנִים אֶל פָּנִים קעגען די אַקטיאָרען. מיט חוֹזק; בראַוואָ! פּאַטשען מיט די הענד, נאָכהער שטעלען זיי די גרויסע פינגער צו די נאָז, בע!... צולויפען זיך אויף פערשידענע זייטען).

זיסמאַן. אַ שענע קאַטצען־מוזיק...

לויפמאַן. מיר זענען שוין אַריינגעפאַלען...

ווייסשטיין. נאר איינער, פון וועמען באַליידיגסטו דיך? דאָס זענען דאָך ווילדע...

לויפמאַן. מיר דאַרפען זעהען ווי אַמגעשווינדסטען עמיצען געפינען, ער זאָל אונז ווידער מאַכען איין נאַכנאַמע אויף אונזערע זאַכען, און אַנטלויפען פון די ווילדע מענשען...

זיסמאַן. ענטלויפען פון די, און טרעפען יענע...

ווייסשטיין (צו לויפמאַן.) דו רעדסט שוין ווידער פון אַ נאַלאָזש? האָסטו שוין פערגעסען די צרות, וואָס מיר האָבען געליטען דורך דעם ערשטען?...

שטיינסקי. ער האָט אפשר טאַקי פאַרגעסען, אָבער איך געדענק עס שוין גוט... די צוויי יאָלדען, דער עסינגער מיט דעם פּולערמאַן וועלען מיר לאַנג ליגען אין זינען — אַך ווי שענדליך זיי האָבען זיך אויפגעפיהרט געגען אונזערע ווייבער... זיי האָבען געערגערט, אַז די ביטערע לאַגע וועט אונזערע פרויען צווינגען מיט זיי געמיינהייטען צו טרייבען...

לויפמאַן. פריהער האָסטו עס נישט געוואוסט, אַז ס'וועט אַזוי זיין...

זיסמאַן (צו שטיינסקי). נישקשה דער עסינגער האָט זיך נישט גענאַרט פון דיין פלוניתטע — ער האָט געחאַפּט פון איהר אַ שענעם פראַסק...

לויפמאַן. ס'איז זעהר שען געווען ווי מאַרגעריטע האָט די חזירים דעם 25-געער צוריק געוואָרפען אין די פּיסקעס...

זיסמאַן. ווען איך וואָלט דאַבײַ געווען, וואָלט איך זיי אָנגעריבען די מאָרדעס, און דער 25-געער וואָלט ביי אונז געבליבען...

ווייסשטיין. ווייס איך, ס'לוינט גאָרנישט דערפון צו רעדען... הכלל מיר מאַכען ווידער אַ נאַלאָזש...

זיסמאַן. האָסט אַנ'אַנדערע ברירה?...

לויפמאַן, לאָמיר לויפען צו פוס אַבי אַרויס פון דעם שטעדטעל...

שטיינסקי. ס'איז דאָך אַדאַי עפּעס געבליבען פון די יונגע קאָמעדיעס?

ווײַסשטײַן. דאַרף מען דאָך עפּעס באַצאָהלען אין דער אַכסניא. (מען וואַרפט שטיינער)

לױפמאַן. וואָס שטעהט איהר? מען וואַרפט דאָך שוין ווידער שטיינער.

זיסמאַן. שטעהט נאָך אַביסעל לענגער, וועט איהר חאַטש האָבען מיטצונעהמען פון דעם שטעדטעל אַ פּאָר לעכער אין די קעפּ...

שטיינסקי. מײַן עצה איז, אַז מיר זאָלען שוין פאַרפּאַקען אונזערע זאַכען און אַוועקשיקען צוזאַמען מיט אונזערע ווײַבער און קינדער אויף די פּאָדוואָדעס און אַליין געהן צו פוס...

לױפמאַן. זאָ, זײַן אַזוי, אַבי נישט שטעהן...

זיסמאַן. מיר וועלען זיך טאַקי אײַנבראַנגען פוהרמאַנקע אויך... אַסוף, קומט, הויבט די פּיס... (אַלע אָב פון וואַנען זיי זענען געקומען)

דינה (טרעט אויף מיט קײלען). ווערסטו מיר טאַקי נישט זאָגען, ווער ער איז?

קײלע. איך וועל דיר יאָ זאָגען — טאַקי דער אײַנגענער, וואָס שפּילט אויף דער סצענע בלויז ליעבעס...

דינה (גאַנץ איבערראַשט). ווער! לויפמאַן? (אַביסעל פאַרמישט) מײַן...

קײלע. וואָס איז מיט דיר! וואָס האָסטו דיך אַזוי דערשראָקען? נאַרעלע, איך האָב דאָך נישט געוואוסט, וואָס עס איז צווישען אײַך — ער האָט זיך מיט מיר שוין עטליכע מאָל געזעהען און פון דיר האָט ער קײנמאָל נישט דערמאָנט אַפילו... און איך האָב איהם טאַקי נישט געפרעגט אויך... ס'איז מיר גאָר אויף די געדאַנקען נישט געקומען אַזוינס, אַז ער זאָל מיט מיר רעדען ווי אחתן מיט אַכלה, און... מיט דיר פאַרטיג זײַן אַוועקצופאָהרען...

דינה. אָבער, נײַן נײַן, דאָס קען נישט זײַן, איך גלויב נישט...

קײלע. אַט האָב איך אַ בריװ, װאָס ער האָט מיר זײַנט געשיקט — לײען איבער, װעסטו װיסן ...

דינה (נעהמט דעם בריעף, קוקט אַרײַן). אַך! קײלע, ס'איז מיר שלעכט ... (פֿאַלט אויף איהר)

קײלע. דינה'לע! װאָס איז מיט דיר?

דינה (נאָכדעם װי זי קומט אַביסעל צו זיך). מיט מיר? ... דאָס אײגענע װאָס מיט דיר.

קײלע. דינה'לע! ... דו רעדסט עפּעס אַזעלכע װערטער, װאָס איך קען גאָרנישט פֿערשטעהן ...

דינה. אָבער איך פֿאַרשטעה שוין יאָ ... ער האָט אונז בײדע אָבגענאַרט ...

קײלע. װאָס רעדסטו?

דינה. נאַ נעהם מײַן בריעף און גיעב מיר דײַנעם, װעסטו שוין אַלץ פֿערשטעהן.

קײלע. ס'איז דאָך אָבער פֿינסטער, מיר װעלען נישט זעהען צו לײענען.

דינה. אַט װעל איך אַראָבנעהמען די לאַטערנע פֿון דאָרט. (זי נעהמט די לאַטערנע. װעלכע הענגט איבער דעם אײַנפֿאָרהויז). אַצינד װעלען מיר זעהן (בײַטען זיך מיט די בריעף) דער אינהאַלט דערזעלבער, װאָס אין אײן בריעף, נאָר די נעמען זענען געענדערט. (ליינט) צו מײַנע פֿיעל געליעבטע און הויכגעשעצטע קײלע קלאָרקאָפּ ...

קײלע. דאָ איז דאָך גאָר אָנגעשריבען דינה'לע שוסטאַק ...

דינה. װאָס זשע װילסטו, ס'דאַרף דאָך אַזוי זײַן ... דו האַלטסט דאָך מײַן בריעף ...

קײלע. אוי איך האָב גאָר פֿאַרגעסען ... נו, לײען װײַטער ...

דינה. זײ װײסען, אַז איך קען אָהן דיר נישט מעהר לעבען.

קײלע. אָהן מיר, הײסט עס? ...

דינה. אָ אָהן דיר, אָהן מיר ... ס'איז אַלץ אײנס ... (ליינט) דײַן בילד האָט מיך בעצױבערט ... איך לעג דיר בײַ אַ קאָנטר=

מאַרקע ... (צו קיילע) נאַ, מיר האָט ער אויך געשיקט אַ קאָנטרמאַרקע ... (זיי צובינדען זייערע נאָזטיכלעך, אין וועלכע די קאָנטרמאַרקעס זענען געוואָרען פאַרקניפּט).

קיילע. ווי געפעלט דיר אַזאַ קאָמעדיאַנשציק... ער מוז האָבען אַ גאַנצען פּאַק אַזעלכע פאַרטיגע בריעף... אַזעלכע ליעבעס וואָלט אַ בחור פון אונזער שטעדטעל נישט געקאָנט פיהרען... ניין, ניין, איך וויל איהם נישט קענען! נישט זעהען! אפילו נישט הערען פון איהם... אַ גוטע נאַכט, דינה'לע, אַ גוטע נאַכט! (לויפט אָב דינה און, אויך אין שטוב אַריין).

לויפמאַן (מרעט אויף שוין אויסגריבירט). וואוהין, מיין שאַץ?

דינה. אין שטוב אַריין.

לויפמאַן. האָט איהר מיין בריעף נישט ערהאַלטען?

דינה. איך האָב יאָ ערהאַלטען.

לויפמאַן. נו?

דינה. ביך איך געקומען און געה צוריק...

לויפמאַן. איהר וועט דאָס נישט...

דינה. איך וועל עס יאָ טהון...

לויפמאַן. פאַרוואָס?

דינה. ווייל יענע האָט עס אויך געטהון...

לויפמאַן. וועלכע יענע, פון וועמען רעדט איהר?

דינה. פון יענער, וועלכע האָט אויף אייך דאָ געוואַרט...

לויפמאַן. אויף מיר... געוואַרט... איך ווייס פון גאָרנישט...

דינה. איהר ווייסט פון גאָרנישט? איז אין, הייסט קלאָר־קאָפּ גאָרנישט בעקאַנט? האָט איהר צו איהר גאָרנישט געשריבען?

לויפמאַן (פאַרוואונדערט). פון וואַנען ווייסט איהר?

דינה. ווייל איך האָב איהם געלייענט...

לויפמאַן. דעם בריעף?... נו?

דינה. נו, ווייל איך אייך מעהר נישט קענען. (וויל גענהען)

לויפמאַן. איך בעט אייך, בלייבט נאָך אַ ווײַלע און הערט מיך אויס.

דינה. איך האָב נישט וואָס צו הערען און וויל נישט הערען...

לויפמאַן. ניין, איהר מוזט מיך הערען.

דינה. מאָ רעד זשע געשווינדער...

לויפמאַן. איך מוז אייך דעם גאַנצען אמת זאָגען. איך האָב ביז אַהער געצווייפעלט אין אייער ליעבע צו מיר — דערפאַר האָב איך געזוכט די געלעגענהייט מיט יענער זיך צו בעקענען... אָבער אַצינד בין איך פעסט איבערצייגט, אַז איהר ליעבט מיך אויף אַנ'אמת; זאָג איך אייך, אַז איך מיין עס גאַנץ ערנסט, איך וויל קיינעם מעהר נישט קענען... איך וויל אייך חלילה נישט פאַרפיה־רען — דאָס ליעגט נישט אין מיין כאַראַקטער... איך וואָלט געוואָלט לעבען ווי אַ מענש... נישט זיין איינזאַם... און אַזוי ווי מיר יודישע אַקטערען זענען נאָך דערווייל נע ונדניקעס, וויל איך חתונה האָבען כדת משה וישראל, און האָבען אַ ווייב, וועלכע זאָל מיר בעלייכטען דעם פינסטערן גלות... אַז וואו איך וועל קומען, זאָל זיך מיר ווענינגסטענס אויסווייזען, אַז דאָס איז מיין היים... און נאָר מיט דיר! נאָר דו קענסט מיר מיין לעבען זיס מאַכען... אָ, זיי מיר מוחל דערפאַר, וואָס איך האָב דיך נישט פערשטאַנען... גיעב מיר דיין האַנד, אַז דו וועסט בלייבען מיינע... איך ווייס, אַז דו האָסט זעהר השק צו דער סצענע — קען זיין, אַז דו וועסט טאַקי פעהיג זיין... מיר האָבען שוין נישט איינמאָל פון דעם גערעדט... מיין נישט, אַז איך שאַץ מיר דאָס איין אין נדן. — וועסטו וועלען, און דו וועסט טויגען צו דער סצענע, איז גוט... אַז נישט, וועסטו אַזוי אויך זיין גע־שעצט ביי מיר, ווי אַ מאַן דאַרף שעצען אַ ווייב... דו וועסט זעהען, ווי גליקליך מיר וועלען לעבען...

דינה. איך שטעל מיר נישט פאָר אַזוי גליקליך צו זיין, ווי איהר שטעלט מיר פאָר — דאָך ווייס איך נישט, וואָס מיך ציהט עס אַזוי — נאָר אַז מיך ציהט אַנ'אונגעהייערע קראַפט, דאָס פיהל

איך... איך הער זאָגאַר איהר שטימע: „אַרויס פון דעם שטעדטעל!"...
נאָר צו זי הייסט מיך געהען מיט איך, דאָס ווייס איך נישט...

לויפמאַן. מיט מיר, דינה'לע! מיט מיר! איך וועל דיך פיהרען אויפ'ן גלייכען וועג אויף אַזאַ וועג, ווי דו ווינשסט דיר!... אָ, דינה'לע, ענטשליס דיך, איך וועל דיר זיין טריי, איך וועל דיך היטען, ווי די אויגען אין קאָפּ...

דינה. גוט, איך בין איינפערשטאַנדען זיך איבערגעבען צו דיר – אָבער פאַרגעס נישט, וואָס פאַר אַ געוואַגטען שריט איך מאַך אַצינד... איך פאַרלאָז מיינע עלטערן, מיין אָרט, וואו איך בין גע-בוירען און געה מיט דיר, מיט אַ ווילד-פרעמדען מענשען...

לויפמאַן. ניין, דינה'לע, נישט פרעמד... פון אַצינד אָן בין איך דיין, און דו מיין...

דינה. ניין, נאָך נישט דיין... איך קען מיך ענטשליעסען – נאָר אויף אַזאַ אופן, אַז דו זאָלסט מיר שווערען, אַז באַלד אין דעם ערשטען שטעדטעל, וואו מיר וועלען נאָר קומען, זאָלסטו מיט מיר אַ חופה שטעלען.

לויפמאַן. איך שווער עס דיר! דאָ האָסטו מיין וואָרט און מיין האַנד. (ער גיעט איהר די האַנד).

דינה. אויב אַזוי, בין איך רוהיג, מיר פאָהרען נאָך היינט, באַלד! איך קען אַצינד גאַנץ לייכט מיין ביסעל זאַכען מיטנעהמען, ווייל די מאַמע שלאָפט, און דער טאַטע איז נישטאָ. קום מיט מיר אין שטוב אַריין, וועסטו מיר העלפען, און באַלד וועלען מיר אַוועק מיט די פאָסטשטאָווע פוהרען...

לויפמאַן. באַלד קען איך אַהער מיט דיר נישט פאָהרען.

דינה. פאַרוואָס?

לויפמאַן. דו ווייסט דאָך, אַז מיר האָבען אין דעם שטעד-טעל גאָרנישט פאַרדיענט, איך האָב נישט אויף דער רייזע נישט נאָר פאַר דיר, נאָר פאַר מיר אַליין אויך נישט...

דינה. דאָס מאַכט ניִשט אויס, איך האָב מײַן געלד 80 רובּל, וועלען מיר דאַכט זיך האָבּען גענוג ...

לויפּמאַן. וואָס! דו ווילסט, אַז מיר זאָלען פאַר דײַן געלד פאָהרען?

דינה. פאַרוואָס ניִשט? דאָס געלד איז אַצינד, ווען איך האָב דײַן שבועה, אַזוי גוט דײַנס ווי מײַנס... נו, קום געשווינד, לאָמיר קײַן צײַט ניִשט פאַרליִרען (ווילען אַבגעהן).

זיסמאַן (טרעט אויף). שטעה, לויפּמאַן, וואוהין געהסטו?

לויפּמאַן. אַהאַ, דו ביסט עס, גאַנץ גוט. (צו דינהן) געה, מײַן לעבען, טהו דערוויַיל פּאַקען, איך קום באַלד נאָך, איך האָב מיט איהם אַפּאָר ווערטער צו רעדען ...

דינה. געדענק, אַז מיר האָבען וועניג צײַט. (אָב)

זיסמאַן. נו, וואָס איז?

לויפּמאַן. פרעג מיך גאָרניִשט איבער. געה, זאָג אַלע־מען, אַז זיי זאָלען אַוועקפיהרען די זאַכען אויף דער פּאָסטשטאַציאָנער סטאַנציע, און דו לויף פריִהער, דינג־אָב אַן עקסטרא קאַרעטע מיט גוטע פּאָסטשטאָווע פערד, גיעב עטליכע רובּעל מעהר, אַבי גע־שווינדער ...

זיסמאַן. און געלד?

לויפּמאַן. איידער דו קוקסט דיך אום, וועל איך דאָרט זײַן מיט דינהן, עס וועט שוין ניִשט פעהלען קײַן געלד...

זיסמאַן. וואָס? זי פאָהרט מיט אונז?

לויפּמאַן. פרעג מיך ניִשט, נאָר טהו ווי איך הייס.

זיסמאַן. אַ ליעבהאָבער, איז טאַקי אַ ליעבהאָבער — ער האָט זי אַזוי לאַנג געטשעפּעט, ביז ער האָט זי פאַרטשעפּעט..

לויפּמאַן. אויפ'ן וועג וועסטו דיך שוין וויצלען — געה!

זיסמאַן. הייסט עס אַרײַנגעקומען זענען מיר, ווי די קבּצנים אויף די פוהרען, און אַרויספאָהרען וועלען מיר ווי די פריצים אויף קאַרעטען... נו דאַרף אַן אַקטער זיך זאָרגען?

לויפּמאַן. קריכט נאָר אויס די בעסטע פּאַטשטאָווע פֿערד.

זיסמאַן. אַזוי לאַנג ווי איך האָב קיין געלד נישט, גלויב איך נישט, אַז מיר פֿאָהרען...

לויפּמאַן. נאָך אַביסעל, וועסטו שוין גלויבען... (אָב נאָך דינה'ן).

זיסמאַן (ווערט איהם נאָך). איך האָב זעהר מורא, אַז מען זאָל נישט דאַרפֿען צוריק אויסשפּאַנען די פּאָטשטאָווע פֿערד...

ווייסשטיין. (טרעט אויף). דו ביסט גנ׳ר דאָ? האָסטו נישט געזעהען דעם בעל הבית פֿון דער אַלסניאָ?

זיסמאַן. וואָס איז [illegible]?

ווייסשטיין. עס איז שוין צייט די זאַכען אַוועקצופֿיהרען — מען דאַרף זיך מיט איהם בערעכענען און בעצאָהלען וואָס איהם קומט. ס׳איז שוין אַלץ פֿערפּאַקט — אָט זעהסטו, זיי טראָגען שוין.

ווייסבאָרד (מיט שטיינסקי טראָגען אַ גרויסען קאָרב. צו זיסמאַן און ווייסשטיין). איהר שטעהט נאָך? נעהמט געשווינד אייערע טשע־מאָדאַנעס! מען דאַרף דאָך די זאַכען אַוועקשיקען.

זיסמאַן. וואָס, איהר ווילט מאַכן גיהן צו פֿוס?

שטיינסקי. פֿאַרוואָס נישט — מען מוז צו אַלעם געוואוינט ווערען...

זיסמאַן. דערפֿאַר, וואָס איהר ווילט נעהמען אויף זיך אַזאַ גלות און זענט פֿאַרטיג צו וואַנדערען צו פֿוס, ווערט איהר היינט דווקאָ פֿון דאַנען פֿאָהרען מיט פּאָטשטאָווע פֿערד... איך קען אייך. (דער איבריגער פּערסאָנאַל קומט אַרויס בענאַכריכטיגען, אַז לויפּמאַן נעהמט מיט זיך די פּרימאַדאָנע, אויף וועלכע ער האָט געוואָרפֿען אַן׳אויג, און זי פֿערמאָגט אַן׳אוצר...

ווייסשטיין (צופֿריעדען). וואָס רעדסטו! זי פֿאָהרט טאַקי אויף אַן׳אֱמֶת׳ען...

לויפּמאַן (טרעט אויף מיט דינה׳ן, טראָגען ביידע אַ קערביל מיט

**א פּעָקעָל.** (צוּ זוּסמאַן). דוּ שטעהסט נאָך? קוּמט געָשווינד! שטעהט נישט...

**לייבוּש** (טרעָט אוֹיף). וואָס איז דאָס דאָ? האַ?

**דינה.** אוֹי, דעָר טאַטעָ, (אַנטלויפט צוריק, לייבוּש בעָמעָרקט נישט).

**לייבוּש.** איהר ווילט אַנטלויפעָן? און וואו איז מיין געלד, וואָס מיר קוּמט?

**ווייסשיין.** איהר האָט נישט וואָס מוֹרא צוּ האָבעָן פאַר געלד, מיר וועלעָן נאָר פאָרלויפיג אַויעָקשיקעָן אונזעָרעָ ווייבעָר און קינדעָר, אַליין אָבעָר וועלעָן מיר נאָך דאָ בלייבעָן, און וועלעָן פון דאַנעָן נישט אַוועָק, ביז מיר וועלעָן זיך נישט באַרעָכעָנעָן און באַצאָהלעָן ביז דעָר לעָצטעָר פּרוּטה.

**לייבוּש.** אייערעָ ווייבעָר קעָנט איהר שיקעָן וואוהין איהר ווילט, אָבעָר די זאַכעָן לאָז איך נישט ריהרעָן, ביז איהר וועָט מיר באַצאָהלעָן...

**ווייסבאָרד.** וואָס רעָדט איהר? ר' לייבוש, מיר וועלעָן דאָך פאַרשפּעָטיגעָן! אַצינד איז איינס דעָר זייגעָר און האַלב צוויי געָהעָן די פּאָדוואָדעָס אַוועָק, מיר ווילעָן נאָר אַוועָקשיקעָן די ווייבעָר מיט די קינדעָר און די זאַכעָן, מיר אַלעָ מעָנּנעָר וועלעָן געָהן ווי עָס איז צוּפוּס... און ווען איהר וועָט אונז די זאַכעָן איינהאַלטעָן, וועָט אונז דעָרנאָך איינקוּמעָן צוּ שלעָפּעָן זיי אויף די פּלייצעָס...

**לייבוּש** (שרייט). מען קען זיך גוּט אַיך דיר פאַרלאָזעָן. נישטאָ וואָס צוּ רעָדעָן — מען האָט מיך געָקאָנט לאָזעָן אָהן אַ העָמד... זעָה וואָס דאָ טהוּט זיך...

**ווייסבאָרד** (צוּ לייבוּשעָן). אָבעָר צוּ וואָס טויג אייך דאָס שרייעָן אין מיטעָן דעָר נאַכט?

**לייבוּש.** מיר קעָנעָן אייך שוין מיט אייערעָ שוואַרצעָ קונ־צעָן, איהר ווילט נאָר אויסנאַרעָן די זאַכעָן און דעָרנאָך אַנטלויפעָן... מיר ווייסעָן שוין...

טוביה. אמת, מײַן מאַמע זאָל מיר אַזוי לעבען! — אַלע קונצענמאַכער׳ס פֿײַפֿען אָן ...

ווײַסבאָרד. גאָט איז מיט אײַך, ר׳ לײַבוש! האַלט אונז נישט אויף, קומט מיט מיר אַרײַן אין דער אַפּטײק, איך צאָהל אײַך שוין.

לײַבוש. דערווײַל, טוביה, טראָג אַרײַן צוריק אַלע זאַכען, לאָז נישט ריהרען וואָס אַהאָר איז ווערט! ביז איך וועל נישט הײסען ...

זיסמאַן. איהר האָט נישט קײן רעכט די זאַכען צו פֿערהאַלטען ...

טוביה. אָבער איך האָב רעכט, און אז איהר וועט נישט לאָזען, וועל איך אײַך די צעהן אויסהאַקען! (וואַרפֿט מיט אַכזריות די זאַכען, דערקענט דאָס קוישעל, אין דאָס פּעקעל וואָס דינה מיט ליפּמאַנען האָבען אַרויסגעטראָגען). וועהט, בעל הבית! אונזערע זאַכען האָבען זײ געוואָלט מיט־גנב׳ענען ...

לײַבוש. ווער! וואו?

טוביה. אָט דאָ!...

לײַבוש (נאָכדעם ווי ער האָט די זאַכען בעטראַכט). וואָס שווײַגסטו, טוביה? מאַך אַ געוואַלד! זאָל קומען פּאָליציי. געוואַלד!

טוביה. געוואַלד! געוואַלד! גנבים!...

ווײַסבאָרד. וואָס שרײַט איהר, ר׳ לײַבוש? איהר וועט דאָך אונז אומגליקליך מאַכען ... (האַלט איהם צו דאָס מויל).

שטײַנסקי (צו טוביה). שרײַ נישט, מענשען וועלען זיך דאָך איבערשרעקען!...

ווײַסשטײַן (צו שטײַנסקי). האַלט איהם צו דעם פּיסק (ווײַזט אויף טוביה׳ן).

(לײַבוש מיט טוביה שרײַען מיט פֿערוואַנדעטע קולות).

ליפּמאַן. אַזוי וועהען אײַער יחוסדיגע אַקטערען אויף דער ...

**זיסמאַן.** און ווי זעהען אויס דיינע פאַטשטאָווע פערד? — דאַכט זיך, אַז מיר וועלען שוין צופוס אויך נישט קענען אַוועק פון דאַנען... (וועהרענד דער צייט בעפרייען לייבוש מיט טוביה'ן זייערע מיילער און שרייען) געוואַלד! געוואַלד! (מענשען לויפען זיך צוזאַמען, אַ פּאָליציאַנט בתוכם).

(דער פאָרהאַנג פאַלט).

ענדע.



# צימבלען.*)

**1.**

דער מענש איז אַ פּראַבּלעם, אַ ציהרונג,
אָבּער דורך זיין אויפפיהרונג,
וועלכע טרעט אָב פון בעשטימטען ציעל,
ווערט ער פערדאָרבּען זעהר פיעל.
נאָר פאַלשקייט, בעטרוג, אויף יעדער טריט,
פאַר'ן צווייטען האַרט קיינעם ניט,
ניטאָ קיין פריינד, קיין ברידער,
אַלע זענען קידער ווידער...
דער מענש וועט אָבער מוזען דין וחשבון געבּען
פאַר אַלע זיינע מעשים פון גאַנצען לעבּען...

(פּראָזאַ)

ווען דער מענש קומט אויף יענער וועלט, פרעגט איהם דער מלאך הדומה מיט צאָרן: „זאָג נאָר, בעשעפעניש, דערויף האָט מען דיך געשיקט אויף דער וועלט צו לעבען נאָר פאַר זיך, שטאָפּען די קישקע, הולטאַיעווען און קיינעם קיין נוצען ניט ברענגען?... פאַרוואָס האָסטו קאַליע געמאַכט דיין „מענש"?... נעהמט איהם, מלאכי חבּלה!

און חברה לענען איהם באַלד אַוועק און מען האַקט איהם (מיט געזאַנג) צימבּלען, צימבּלען!

אַי, טהוט מען איהם צימבּלען!

**2.**

רב צדוק'ל דער גבּאי
וויל דוקא אַ מקום עולם הבּא,
ער שטאָלצירט מיט זיינע שענע דרכים,
טהוט גאָר נישט און לעבּט פון רוחים,

*) געענדערט, אויסגעבּעסערט און צוגעגעבען נייע קופּלעטען, דורך מ. אָ.

רײַסט די הויט
פֿון לעבעדיג און טױדט
און קריגט טאַקי די גראָבע מטבע
און זאָגט אומעטום די ברײטע דעה.
מײנט איהר אַז פֿאַר די ילָלות און קלאָגען
פֿון די אָרימע װעט מען איהם װעניג שלאָגען?

(פּראָזאַ)

װען אַזאַ חברה־מאַן קומט אויף יענער װעלט, בעפֿאַלען איהם די מלאכי חבלה און רײַסען איהם אברים־װײַז. „אַדוני מלאך הדומה, — זאָגען זײ — דאָ האָבען מיר דיר געבראַכט אַ גבאי אַ פּראָצענטניק, מיר װאַרטען אויף דײַן בעפֿעהל!“

— אַזױ? — שרײַט אויס דער מלאך הדומה — אַ גבאי אַ בלוט־צאַפּער, אַ הויט־שינדער? נעהמט איהם! שנײַדט זײַן הויט! —

און חברה לעגען איהם באַלד אַװעק און חאַפּט איהם (מיט געזאַנג) צימבלען, צימבלען!
אַי, טהוט מען איהם צימבלען!

## 3.

דער שנײַדער שטודירט
און שפּעקולירט,
צו חאַפּען דעם גליק
פֿון יתור אַ שטיק.
דערצו מאַכט ער אַ שענעם רעכנונג דעם בעל הבית
קנעפּ, טאַשמעס, פֿאָדים, יענץ און דאָס...
און בעגנבה'ט װידער אַ פּאָר העלער
פֿון דעם אָרעמען בעשטעלער...
מײנט איהר אפֿשר, עס װעט אָבגעהן גאָר גלאַט
דעם יגיע־כפּים'ניק, דעם פּראָלעטאַריאַט?...

(פּראָזאַ)

װען אַזאַ שנײַדערל קומט אויף יענער װעלט, בעפֿאַלען איהם די מלאכי חבלה װי די פֿליעגען:

— יִתוּר — שרײַען זײַ — האָט זיך אִיהם געוואָלט, שנײַדען שטי־
קער און בעראַבעווען אַ וועלט! טרֵפָה מאַכען אַזאַ שענע כָּשֵׁרָה
אַרבײַט! קראַנק בִּזטו געווען צו שטרײַקען, העלפֿערען דעם פרײַז
אויף דער אַרבײַט און נִיט גנבה׳נען!

— לעגט אִיהם! — שרײַט אויס דער מלאך הדומה און טהוט
אִיהם זײַן רעכט!

און חברה לעגען אִיהם גאַנץ שען אַוועק און מען נעהמט אִיהם
(מִיט געזאַנג) צִימבלען, צִימבלען!
אַי, טהוט מען אִיהם צִימבלען!

4.

דאַמען קאָקעטקעס,
בלאָנדינקעס, בראָנעטקעס,
קרענקען כְּסֵדר,
כְּדֵי צו פֿאָהרען אִין די בעדער.
דאָרט הגליעט מען אויף וואָס עס שטעהט די וועלט
און מען פֿערשווענדערט זעהר פֿיעל געלד,
מען צִיהט אַראָב פֿון די מענער די פֿעל
און פֿונ׳ם הויז ווערט גאָר אַ תֵּל!...
מײַנט אִיהר אֶפשר, דער מַלְאַך הדומה וועט זיך שעמען
פֿון די קראַסאַווִיצעס רעכנונג אָבנעהמען?!...

(פּראָזאַ)

ווען אַזאַ קאָקעטקעלע קומט אויף יענער וועלט און דערזעהט
די מלאכי חבלה אִין שוואַרצען אָנגעטהון, מײַנט זי גאָר דאָס זע־
נען גאַלאַנטע העררען, וועלכע וועלען אִיהר באַלד אַנגאַזשירען
צו׳ם טאַנצען. באַלד אָבער ערקונדיגט זי זיך, אַז זי האָט געהאַט
אַ גרויסען טעות... זי דערהערט דעם בײַזען קול פֿון מלאך הדומה:

— ערשט, מאַדאַם, וועלען מיר מאַכען אַ שטיקעל רעכנונג
פֿאַר אײַער שענער אויפֿפֿיהרונג... מיר ווײסען וואָס אִיהר האָט גע־
טהון אִין קאַרלסבאַד... אִין פֿראַנצענסבאַד... אִיהר זענט דאָך אַ ליעב־
האָבערין פֿון בעדער, קומט זײַט מוחל ערשט צו אונז אִין אונזערע
בעדער...

מאַכט איהר, חברה, אַ באָד, אָבער גאָר אַ וואַרעמע באָד!...
אונ חברה האַפּען איהר באַלד
(מיט געזאַנג) צימבלען, צימבלען!
אַי, טהוט מען איהר צימבלען!

5.

דער דאָקטאָר שטודירט אין די קלאַסען,
כדי קענען היילען אַלעמעס הולאַתן.
אָבער ער לערענט גאָרנישט אויס דאָרטען,
ווייל ער שפּיעלט גאַנצע טעג אין קאָרטען.
ער ווערט נאָר מיט די פּראָפעסאָרען בלאַט
און קריגט שוין אַרויס דעם אַטעסטאַט...
און ער געהט גאָרניט היילען, נאָר נעהמען געלד,
און אָטפּראַוועט דעם חולה אויף יענער וועלט...
וועט מען דען שווייגען אַ לײַדאַק אַ זוינעם?
וועט מען דען ניט צימבלען דעם מיוחס דעם שענעם?

(פּראָזאַ)

ווען אַזאַ חברה מאַן קומט אויף יענער וועלט, שרייט באַלד דער מלאך הדומה אויס: „אַהאַ, איך האָב דיך געפּאַקט! זאָג מיר נאָר וויאָס פאַר אַ העזה האָסטו געהאַט מיט מיר צו קאָנקורירען? נאָך איידער איך פלעג אָנשאַרפען מיין שווערד, פלעגסטו געבען אַ שרייב מיט דיין פעדער און אַרויסהאַפּען מיין קרבן ביי מיר פון די הענד!... ערשט וועל איך זיך מיט דיר אָברעכנען פאַר אַלץ! נעהמט איהם, חברה!"
און מען האַפּט איהם באַלד
(מיט געזאַנג) צימבלען, צימבלען!
אַי, וועט מען איהם צימבלען!

6.

און דער רב דער קרומער רוקען,
וואָס וויל אויף נשים ניט קוקען,

אִיז אוֹיךְ גֶענוּג פֶערשטֶעלט
אוּן נאַרט דִי גאַנצֶע וועֶלט:
אַנשטאָדט צוּ לֶערנֶען דֶעם עוֹלָם,
פֶערנֶעהמט זִיךְ דֶער נאַרִישֶׁער גוֹלֶם
מִיט מִקְוָה מֶעסטֶען, עֵרוּבִין מאַכֶען
שַׁאֲלוֹת נָשִׁים... אוּן מִיט נאָךְ אַ זֶעלכֶע זאַכֶען...
אוֹיךְ דִי שטרַיימֶעל וועֶט מוּזֶען אָבגֶעבֶען,
דִין וְחֶשְׁבּוֹן פאַר זַיין נאַרִישׁ לֶעבֶען!

(פּראָזאַ)

ווען דער רב קוּמט אוֹיף יענֶער וועֶלט, שרַייט דֶער מַלְאַךְ הַדּוּמָה: דוּ נאַרִישֶׁער בֶּעטרִיגֶער, אַזוֹי האָסטוּ דאָס פֶערפִיהרט דִי וועֶלט? אוּמגְלִיקלִיךְ גֶעמאַכט מֶענשֶׁען מִיט דַיינֶע נאַרִישקַייט. אַנ־שטאָדט לִיכטִיגקַייט האָסטוּ פֶערשפּרַייט פִינסטֶערנִישׁ, דוּ האָסט נֶעבִיךְ אַליין נִיט פֶערשטאַנען וואָס גוּט אִיז אוּן וואָס שלעֶכט, וואָס מֶען מעֶג אוּן וואָס מֶען טאָר נִיט, ווִי אַזוֹי האָסטוּ זִיךְ דאָס אוּנטֶער־גֶענוּמֶען צוּ זַיין אַ רב בַּיי יִידֶען?

נֶעהמט אִיהם חֶבְרָה!

אוּן מֶען חאַפּט אִיהם בּאַלד

(מִיט גֶעזאַנג) צִימבֶּלֶען, צִימבֶּלֶען!
אַי, טהוּט מֶען אִיהם צִימבּלֶען!

## 7.

אוּן דֶער אַקטֶער אִיז שטֶענדִיג פֶערשטֶעלט
אוּן מוּסר'ט דִי גאַנצֶע וועֶלט,
אָט דֶער גרוֹיסֶער עַזּוּת פָּנִים
שוֹינט נִיט אַפִילוּ רַבָּנִים,
אַליין אָבֶער אִיז עֶר אוֹיךְ נִיט קַיין צאַצקֶע אַ יוּנגֶערמאַן,
בַּיי אִיהם זֶענֶען אָבֶער אוֹיךְ חֲטָאִים'לֶעךְ פאַרהאַן...
אִיהר גלוֹיבּט אֶפְשַׁר נִיט? ס'אִיז רִיכטִיג!
אִיךְ וואָלט אַלץ אוֹיסגֶערֶעכֶענט, נאָר עֶס אִיז צוּ לִיכטִיג.

מייִנט איהר אֶפּשר מען וועט לאָזען צורוה גאָר
דעם ימח־שמוניק דעם אַקטיאָר?
און מען וועט טאַקי ניט ציִמבלען אומזיִסט
דעם שענעם קינסטלער דעם אַרטיִסט ...

(פּראָזאַ)

אַז דער אַקטער קומט איף יענער וועלט, פּרעגען די מלאכי חבלה פערוואונדערט: וואָס איז דאָס פאַר אַ בריה? אָהן וואָנצעס, און אָהן אַ באָרד פונקט ווי אַ יידינע און האָט סימני זכרות... באַלד שרייט אוים דער מלאך הדומה: שוטים שבעולם! איהר קלערט גאָר צי דאָס איז אַ זכר? אַי איז ער אַ זכר, און נאָך וואָס פאַר אַ זכר!... איהר דערקענט איהם ניט, אמת אַן׳אַקטער איז טאַקי ניט גאָר לייכט צו ערקענען, ווייל ער איז שטענדיג פערשטעלט: אַמאָל אַ רב, אַמאָל אַ בעדער, אַמאָל אַ באַנקיר, אַמאָל אַן׳אונטערשמש, אַמאָל אַ רוצח און אַמאָל אַ רביצין... ער האָט גענוג אָנגעזינדיגט איף דער נאַרישער וועלט, היינט וויפיעל האָט ער געזינדיגט קעגען דער קונסט! נעהמט איהם חברה!

און חברה נעהמען איהם באַלד
(מיט געזאַנג) ציִמבלען, ציִמבלען!
— וועמען ציִמבעלט איהר? — שרייט אוים דער רבונו של עולם — דאָס איז אַ בעשעפעניש, וועלכע איז שוין גענוג געציִמבעלט געוואָרען איף יענער וועלט. יעדער שרייבער, האָט איהם געהאַל־טען תמיד אין איין ציִמבלען... וואָס האָט איהר צו אַן׳אויס־געלייטערטער נשמה! רוצחים!

און מען הערט איהם טאַקי באַלד אויף צו
(מיט געזאַנג) ציִמבלען, ציִמבלען!
און מען וועט איהם שוין מעהר ניט ציִמבלען!...



